נ ת ן  פ א ד ע מ ב ע ר ג

# שאַפער און בויער

עסייען וועגן שרייבער און ביכער

1964



ניו יאָרק

# אַנשטאַט אַ הקדמה

„די עסענץ פון קונסט איז אַן אומענדלעכע איינזאַמקייט און מ׳קאָן זי ניט באַנעמען מיט אַזוי ווייניק ווי מיט קריטיק. בלויז מיט ליבע קאָן מען זיך צו איר דערגרונטעווען, זי דערגרייכן און זי אויפריכטיק אורטיילן״.

די ווערטער האָט דער גרויסער ליריקער ראַינער מאַריאַ רילקע, געשריבן אין זיין „בריוו צו אַ יונגן פּריינט״.

אין דער פּערזאָן פון נתן פאָדעמבערג האָט דאָס יידישע ליטעראַריש־קריטישע וואָרט פאַרלאָרן אַ חובב ליטעראַטור און אַ פאָרשער, וואָס איז געווען פאַרליבט אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, אין דער יידישער פּראָזע און פּאָעזיע. ער האָט ניט באַוויזן צו געבן אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק און ליטעראַטור־קענטעניש, אויף וועלכע ער האָט געאַרבעט די לעצטע צען אָדער פופצן יאָר פון זיין לעבן, קיין כמות׳דיקע אַרבעט. ער וואָלט מסתמא מער אויפגעטאָן, ווען דער טויט שניידט אים ניט אויס פון אונדזערע רייען. וויכטיק איז אָבער זיין ליטעראַרישע ירושה.

ריכטיק האָט דער יידישער ישראל־דיכטער און קיבוצניק אריה שמרי געשריבן צו נתן פאָדעמבערגן: „ניטאָ אין אים (אין פאָדעמבערגס אַרטיקל וועגן שמרי׳ן) קיין רעצענזיסטישע געכאַפּטקייט, נאָר טראַכטנדיקע פאַרכאַפּטקייט. איך מיין: געדאַנקלעכע אַנצידונג, וואָס רירט אָן אַ עיקר׳דיגן פּונקט״.

געוויסע אָפּהאַנדלונגען וועגן שאַפער און בויער, וועגן שרייבער און ווערק צייכענען זיך אויס מיט קלאָרקייט פון געדאַנק און קאָנקרעטקייט פון דענקען, כאָטש דער מחבר האָט נאָך ניט באַהערשט פולשטענדיק די קונסט צו געפינען די געהעריקע אויסדרוק־מיטלען פאַרן דאָזיקן קלאָרן געדאַנק.

פאָדעמבערגס ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען פאַרמאָגן צוויי מעלות: די ערשטע מעלה באַשטייט דעריך, וואָס ער פאַרנעמט זיך ניט מיט זאָגן מבינות וועגן דעם אָדער יענעם שרייבער. ער אורטיילט

ניט וועגן שרייבער און זיינע ווערק לויט דעם וואָס איז אין זיי נ י ט אָ, נאָר ער נעמט אַלס גרונט פון זיין קריטישן אורטייל, וואָס עס איז י אָ, ד אָ. דעם עיקר.

די צווייטע מעלה פון בוך איז אין דעם וואָס דער מחבר זוכט צו פאַרבינדן סאָציאַל־עטישע און נאַציאָנאַל־מענטשלעכע מאָטיוון מיט די קינסטלעריש־עסטעטישע ווערטן פון פּאָעטן און דערציילער און ער טוט עס מיט ליבע און „אָנצידונג".

דאָס בוך, וואָס דערשיינט אין „איקוף"־פאַרלאַג, איז צו־געגרייט געוואָרן פונעם מחבר אַ פּאָר חדשים פאַר זיין טויט. די אַרטיקלען, וואָס גייען אַריין אין בוך האָט פּאָדעמבערג אַליין גע־קליבן פון דעם וואָס ער האָט אין משך פון עטלעכע יאָר געדרוקט אין צייטשריפטן דאָ און אין ישראל.

ביים רעדאַקטירן דאָס בוך האָב איך געזען, ווי ווייט מעגלעך אָפּצוהאַלטן זיך פון אַריינטראָגן ענדערונגען, אינעם כתב־יד. מיטן אויסנאַם פון אַזעלכע ענדערונגען, וואָס דער מחבר אַליין האָט צו זיי מסכים געווען.

זאָל דאָס בוך זיין אַ לעבעדיקע מצבה נאָך דעם שרייבער נתן פּאָדעמבערג, וואָס האָט פון זיין יוגנט־אָן געטראָגן ליבשאַפט צו די שאַפער און בויער פון יידיש־קינסטלערישן וואָרט, און לויט דעם זאָג פון אַלט־יידישן דיכטער פון בוך „שיר השרים", דאָס „געזאַנג פון געזאַנגען" — „שטאַרקער ווי דער טויט איז די ליבע".

**אברהם ביק**

ניו יאָרק סעפּטעמבער, 1967

# אינהאַלט

**די יידישע ליטעראַטור אין ישראל :**



**וואָרט און בילד :**

# דיכטונג און פּראָזע

די פראַגע וועגן מהות פון דער דיכטונג האָט פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין דער ליטעראַרישער וועלט אין אַלע צייטן. מען האָט אַ סך גיך־שריבן וועגן דעם, און מען שרייבט איצט. נאָר ס'איז עד־היום ניט געגעבן געוואָרן קיין ענטפער, וואָס זאָל אינגאַנצן צופרידנשטעלן.



דער גרויסער דענקער דר. חיים זשיטלאָווסקי אין זיין בוך „וויזיע און געדאַנק", זאָגט אַז פּאָעזיע איז אַ פאַרבאָרגענער קוואַל, אַזאַ אוצר, וואָס נאָר פּאָעטן פאַרמאָגן אים. דער באַוואוסטער יידישער ליטעראַטור— קריטיקער, שמואל ניגער, האָט געשריבן: „דיכטונג איז אַ פלאַנץ, וואָס ליגט אין האַרץ און אין דער נשמה פון פּאָעט".

דער דיכטער יהואש פרואווט פאַרענטפערן די פראַגע אין אַ ליד, „ווי ס'ווערן לידער פאַרפאַסט".

מיר האָט אַ באַקאַנטער געפרעגט,\
ווי ס'ווערן די לידער געמאַכט ?\
ווי ס'פּאַסט זיך און קלעפּט זיך,\
ווי ס'וויקלט זיך און וועבט זיך,\
און ס'פּאָרט זיך צוזאַמען,\
דאָס וואָרט מיט די גראַמען.\
און יעדער געדאַנק,\
געפינט אַזוי לייכט זיך.

## דיכטונג און פּראָזע

צום זינגען דאָס געזאַנג,
ביז אַלצדינג אין איינעם באַוועגט,
דאָס האַרץ מיט אַ זעלטענער מאַכט.

איך ווייס ניט — איך האָב אים דערקלערט —
פון וואַנען עס נעמט זיך די קראַפט,
וואָס גראַמען און ווערטער באַשאַפט,
נאָר ווען גאָט האָט באַשערט,
די שיינע געדאַנקען אין זינען,
וועט גרינג שוין דעם מלבוש געפינען.

**דער דיכטער פאַרמאָגט שאַרפע און סענסיטיווע חושים. ער קאָן אַריינ־**קוקן טיפער און ברייטער אין לעבן, סביבה און געשעענישן. זיין אויג זעט די וועלט אַנדערש ווי דער געוויינלעכער מענטש. אין אַ טראָפּן טוי זעט ער דעם אָקעאַן, אין דער שיינקייט פון אַ בלום, די גרענעצלאָזע נאַטור; אין אַ זון שטראַל — דעם גאַנצן קאָסמאָס. ער כאַפּט אויף די דינסטע וויבראַציעס פון דער מענטשלעכער נשמה. אונדזער לעבן וואָלט געווען אַ סך אָרימער און מאָנאָטאָנער ווען עס וואָלטן ניט געווען קיין דיכטער און פּראָזאַיאקער.

עס זיינען דאָ צוויי הויפּט זשאַנערס אין דיכטונג: ליריזם און דידאַקטיק. לירישע פּאָעזיע איז די שאַפונג פון האַרץ, פון נשמה, געפיל, וויזיע און אַנדערע גייסטיקע אייגנשאַפטן. דער דיכטערישער מהות ווערט אָנגערעגט פון אַ געוויסער איבערלעבונג. אַ שטראָם געדאַנקען און אויפרודערונגען רייסט זיך אַריין אין זיין דיכטערישן היכל און צעטרייסלט זיין געמיט. עס שוועבן אָן אין זיין דמיון פאַרשיידענע בילדער, אילוזיעס, אויסגעטראַכטע וועלטן. אַלץ ברויזט, קאָכט און וויל זיך אַרויסבאַקומען אויף דער פריי, ווי אַ צייטיק קינד פון דער מוטערס טראַכט, אָדער ווי אַ „גייזער”, ווען ער דערגרייכט דעם זיד־פּונקט. דעם שרייבערס אינטואיציע און זיין פאַנ־טאַזיע ... קענטעניש העלפן אים אַלץ אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר. אָפט מאָל ווייסט דער דיכטער ניט וואָס ער האָט געשאַפן. אָבער מיט טעג, וואָכן און חדשים

## נתן פּאָדעמבערג

שפּעטער, קאָן ער רואיק באַטראַכטן דאָס ליד, איינשטעלן אָרדנונג, אַרויס־וואַרפן ניט פּאַסיקע ווערטער, אויסבעסערן, אויסשלייפן און די פּאָעמע אָדער ליד קומט אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט ווי אַ קינסטלערישע שאַפונג.

דער דיכטער איציק פעפער האָט דורכגעלעבט די ראַנגלענישן, דעם מסירות־נפש׳דיקן קאַמף וואָס די געטאָ־קעמפער האָבן געפירט אין וואַרשע קעגן די היטלער־מערדער, כאָטש ער איז דאָרט ניט געווען. מיט זיין די־כטערישער פאָרשטעלונגס קראַפט און וויזיאָנערישן כוח האָט ער געשאַפן

דאָס קלאַסישע ווערק „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ". דער דיכטער שרייבט:
„איך זע —

די געשטאַלטן, זיי קומען פון הייל,
זיי קומען דעם אומגליק פון געטאָ דערציילן.
און ווערטער מיט ווערטער, אין הויך און דער נידער,
זיי פאַלן צו מיר אויף די אַקסלען אַנידער.

דאָס ווערק איז עכט און אמת׳דיק. עס איז קינסטלערישער רעאַליזם. דער לייענער קען זיך ניט פאָרשטעלן, אַז דער דיכטער איז ניט געווען אין דער געטאָ, בעת׳ן אויפשטאַנד. דאָס זעלבע דאַרף מען זאָגן וועגן יצחק קאַצענעלנסאָנ׳ס קלאַסישער פּאָעמע, „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן פאָלק". דער דיכטער האָט ניט געהערט די גוסס׳דיקע געשרייען פון די יידן אין די פאַרמאַכטע גאַז־קאַמערן, זיין דיכטערישע אינטואיציע און זיין פאָר־שטעלונגס־קראַפט האָט אים אַריינגעפירט אין די קרעמאַטאָריומס. ער האָט געהערט זייערע פאַרצווייפלטע געשרייען, ער האָט געשפירט זייער קאָנ־וואולסיווע שרעק, די גריליקע איבערלעבונגען אין די לעצטע מאָמענטן פון זייער טויט, און ער האָט עס אַרויסגעבראַכט אַזוי לעבעדיק ווי ער וואָלט דאָרט געווען. דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וועגן קאַצעטניקס „ליאַלקעס".

## דיכטונג און פּראָזע

אין „דער זייגער אויף דער וואַנט" און ענלעכע ביכער פון יידישע שרייבער וועגן אונדזער גרויסן חורבן.

די דיכטער שאַפן מעיסטנס אויף דער וועב־שטול פון פאַנטאַזיע. זיי האָבן סימבאָלישע געשטאַלטן, אויסגעטראַכטע בילדער. דער געוויינלעכער לייענער וועט עס ניט פאַרשטיין און ניט קאָנען געניסן פון דער לירישער שאַפונג, אָבער ניט אַלע דיכטער פאַרמאָגן די קינסטלערישע גבורה אַוועקצוטראָגן זייער פאָרשטעלונגס־קראַפט אין די ווייטסטע ווייטן.

ביים ליריקער איז די עמאָציע פאַר זיין לאַבאַראַטאָרישן שאַפונגס־פּראָצעס. ער איז מער סוביעקטיוו, ער דאַרף ניט קיין דיסטאַנץ. ער מוז שרייבן ווען עס קומט צו אים דער דיכטערישער ברויז, פּונקט ווי דער שמיד מוז נוצן דעם מעטאַל, אַזוי גיך ווי ער נעמט אים אַרויס פון גליענדיקן פייער, אויב ניט פאַרלירט דאָס די עלאַסטישקייט.

דאָס שאַפן פון דידאַקטישן דיכטער איז מער באַזירט אויפן אויג. אויפן איינדרוק פון אַרום. ער שאַפט מיט ישוב הדעת, מער מיטן מוח ווי מיט דער פאַנטאַזיע. ער איז ענלעך צום נאַטור־מאָלער, וואָס באַנוצט זיך מיט פאַרבן, פּענזלען, לייוונט. פאַרן מאָלער איז גענוג ווען ער גייט אין אַ געוויסער געגנט און הויבט אָן מאָלן. וואָס וויינקער דער פּאָעט יאָגט זיך אַרויסצוברענגען די שאַפונג אויף דער ליכטיקער וועלט, אַלץ פּאָעטישער וועט זי זיין און וואָס מער ער נוצט דיכטערישע וויזיע, אַלץ ווייניקער וועט זיך פילן דאָס דידאַקטישע. לאָמיר ברענגען מוסטערן פון צוויי לידער. איינע אַ קינסטלעריש־רעאַליסטישע, אָדער לירישע. די צווייטע אַ רעאַליסטיש־קינסטלערישע, אָדער דידאַקטישע. די ערשטע איז פון אשר שוואַרצמאַן, די צווייטע פון שמואל האַלקין.

**אַ שטראַל פון דער זון האָט אַ כוואַליע געקושט,**
**מיט ליפּן פון ריינעם גינגאָלד.**
**אַ שפּרונג האָט די כוואַליע געטאָן ווי צעמישט,**
**און לעבן שוין מער ניט געוואָלט.**

אויבנאויפיק קען זיך דאַכטן, אַז עס איז ניטאָ קיין אויסגעהאַלטנקייט

## נתן פּאָדעמבערג

אין דעם ליד, ווייל ווי קאָן אַ שטראַל קושן אַ כוואַליע? איז דער ענטפער — זי קאָן, ווייל ווען די שטראַלן פון דער זון פאַלן אויף כוואַליעס, זעען זיי אויס ווי גינגאָלד און ווען זיי פאַרגייען, זיינען זיי, אינעם דיכטערס פאַנ־טאַזיע, טויט. אשר שוואַרצמאַן האָט דאָ אַרויסגעכּישופ׳ט פון זיין פּאָעטישער פאַנטאַזיע מיט דער הילף פון זיין קינסטלערישן רעאַליזם — וויזיע.

דאָס צווייטע ליד איז געשריבן אין אַ פּשוטער און פאָלקסטימלעכער שפּראַך. עס האָט ניט די דיכטערישע וויזיאָנערישקייט, ווי שוואַרצמאַנס ליד און ער גיט אים אַ משל מיט אַ שטיקל גלאָז, אָבער דאָס ליד האָט קינסט־לערישן פאַרטראַכט.

דאָס גלאָז איז דורכזיכטיק און ריין,
דו זעסט דורכדעם די גאַנצע וועלט.
ווער עס ווײַנט און ווער עס קוועלט, —
נאָר ווי דו האָסט איין זייט פאַרשטעלט
מיטזילבער־פאַרב, וואָס האָט די ווערט,
אַ גראָשן געלט, מיט עטוואָס מער.
פון ריינעם גלאָז אַ שפּיגל ווערט,
און ווי דער שפּיגל זאָל זיין ריין
פאַרשווינדט פון אויג די גאַנצע ערד.
דו זעסט אין אים נאָר זיך אַליין..״

דאָס ליד איז אַ געמיש פון דידאַקטיק מיט ליריק, אָבער עס האָט אַלע אַטריבוטן פון אַ גוט פאַרטיפט ליד, צוליב דער אוניווערסאַלקייט און דער פּערזאָניפיקאַציע פון צושרייבן אַ יחידישע אייגנשאַפט דעם כלל.

און פּונקט ווי עס איז דאָ אַ גרויסער אונטערשייד פון אַ לירישן דיכטער מיט אַ דידאַקטישן, אַזוי איז אויך דאָ אַן אונטערשייד צווישן אַ פּראָזאיקער און אַ פּראָזאַאיקער. איינער איז ענלעך צום לירישן דיכטער און דער צווייטער איז ענלעך אויפן דידאַקטישן דיכטער.

קינסטלערישער רעאַליזם מיינט ניט נאָר שאַפן פון געזעענעם מאַ־טעריאַל. עס מיינט באַשאַפן עפּעס מיטן כוח פון דער פאַנטאַזיע. עס זאָל זיין אין לעבן עכט און רעאַל, ווי שעקספּירס „האַמלעט", דאָסטאָיעווסקיס „ברידער קאַראַמאַזאָוו", י. ל. פּרצ׳עס „אויב ניט נאָך העכער" און ענלעכע גרויסע ווערק פון וואָרט־קינסטלער.

די שעפערישע מדרגות פון די צוויי שרייבער זיינען פאַרשיידן ווי עס איז פאַרשיידן די נאַטור און דאָס מענטשלעכע געמיט, אָבער ביידע באַ־רייכערן אונדזער גייסטיק לעבן. ביידע שרייבער עפענען די באַהאַלטענע קעמערלעך פון אונדזער נשמה. זיי פּראַלן אויף די טירן פון די פאַרבאָרגענע גייסטיקע אוצרות. ביידע שעפּן זייער שרייבערישן מאַטעריאַל פון די זעלבע קוואַלן, פון מענטשלעכן לעבן.

# הונדערט יאר „דאס קליינע מענטשעלע״



אין יאר 1864 איז פאַרגע־קומען אַ גרויס געשעעניש אין יידישן לעבן: מענדעלע מוכר ספרים האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור מיט זיין אַרויסברענגען אויף דער ליכטי־קער שיין דאָס ערשטע ווערק אין יידיש „דאָס קליינע מענטשעלע״.

אין יאר 1910 צום 75־טן גע־בוירנטאָג פון מענדעלע מוכר ספרים האָט י. ל. פרץ געשריבן: „ער, מענ־דעלע, איז ניט נאָר דער ע ל ט ס ט ע ר צווישן די לעבעדיקע שרייבער, ער איז אויך, און דער עיקר, דער ע ר ש ט ע ר... ער איז דער ערשטער, וואָס האָט נאָך אַ קורצער צייט פון זייטיקע פּראָבן, אָנגעהויבן שרייבן ל ש מ ה... און ער איז דער ערשטער, וואָס האָט ניט באַטראַכט זיין אַרבעט אַלס אַ בריק... אַריבערצופירן די קליאַטשע, זי זאָל זיך פּאַשען אין אַן אַנדער פעלד...״

דאָס יידישע פאָלק איז געגליכן צו אַ פּאַלמען־בוים. עס וואַקסט אין דער הויך און זייער וויניק אין דער ברייט. און וואָס מער עס טורעמט־אַרויף צו דער הויך, אַלץ מער שפּרייטן זיך אירע זיינע וואָרצלען טיפער אונטער דער ערד, און אַלץ אַ גרעסערן כוח קריגט עס אויסצושטיין די געוויטערס. די שונאים האָבן אים אָפט אָפּגעבראָכן שטיקער פון יידישן בוים, זיי האָבן אָבער ניט דערגרייכט זיין טיף. די וואָרצלען זיינען ניט צעשטערט. דער יידישער בוים בליט און וואַקסט. אַ סך שבטים און פעלקער זיינען אויפגעקומען אין דער זעלבער עפּאָכע ווי דאָס יידישע פאָלק, און זיינען איינגעשלונגען געוואָרן

פון פרעמדע קולטורן. דאָס יידישע פאָלק איז געווען און איז נאָך היינט אַרומגערינגלט מיט אַנדערע קולטורן, פונדעסטוועגן האָט עס ניט פאַרלוירן די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט. עס לעבט און אַנטוויקלט אַן אייגענע קולטור ביי אַלע באַדינגונגען. דאַרפן מיר דערפאַר אויפנעמען דעם פאַל מ ע נ ד ע ל ע פון מיט הונדערט יאָר צוריק, ווי אַ גרויסן היסטאָרישן וואונדער פון אַן עם קשי עורף, וואָס שפּינט עקשנות׳דיק דעם המשך פון דער יידישער קולטור־טראַדיציע. און שטעלט זיך ניט אָפּ אויף די שטרויכלונגען און שטע־רונגען אין זיין גורלדיקן גאַנג.

שווער איז געווען דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור. דאָס רוב יידישע שרייבער זיינען געקומען פון דער ישיבה און בית־מדרש אָנגעזאָפּט מיט די רעליגיעזע שריפטן און דורכגענומען מיט די עטיש־הומאַניטאַרע געפילן פון די נביאים, אָבער די אייגענע סביבה ניט געפונען. זיי האָבן ניט געהאַט קיין סעקולאַרע ליטעראַטור, ווי קינדער ביי אַנדערע פעלקער, צו באַקענען זיך מיט די נאַטור־שיינקייטן, מיטן לעבן פון בעלי־חיים, מיט מענטשן און לענדער, וואָס ברייטערט אויס דעם גייסטיקן האָריזאָנט און וועקט די פאַנטאַזיע. די יונגע יידישע בחורים און מיידלעך צו וועמען עס איז געקומען דער שעפערישער געפיל, האָבן פשוט מורא געהאַט צו דערציילן, אָדער ווייזן עמעצן דאָס אָנגעשריבענע. די יידישע שרייבער האָט מען באַ־טראַכט פאַר אַפּיקורסים, זייער שרייבן — פאַר טריפה־פסול׳ס און אויב זיי האָבן אָנגערירט דאָס פּראָבלעם פון די „שיינע יידן", האָט מען זיי גע־רודפט און פאַרפאָלגט.

און דאָך האָט די יידישע ליטעראַטור זיך דורכגעבראָכן אַ וועג. אוודאי האָט זי זיך ניט אַנטוויקלט לויט די כללים פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור. זי האָט ניט פאַרמאָגט קיין אייגן לאַנד; קיין אייגענע מלוכה, זי איז אויפגע־קומען שפּעטער ווי ביי אַנדערע פעלקער. ס׳האָט איר אויך געשטערט דער כסדר׳דיקער שפּראַכן־קאַמף. יידיש האָט מען באַטראַכט פאַר דער „שפחה" — די דינסט און העברעאיש האָט מען געהאַלטן פאַר אַ ה י י ל י ק ע ר שפּראַך. די ליטעראַטור וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פרעמדע לענדער איז, מערסטנס, געווען אָנגעפילט מיט בענקשאַפט צו ארץ־ישראל און מיט

## נתן פאָדעמבערג

געבעט צו גאָט ער זאָל אויסלייזן פון גלות, עס זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן די רדיפות, פּאָגראָמען און גזירות. אוודאי זיינען געווען קלאָסן־קעגנזאַצן. זיי זיינען פאַרטושט געוואָרן, ווייל אָרעם און רייך האָט מען באַטראַכט ווי אַ גאָט־זאַך. איז שווער געווען ביי אַזעלכע באַדינגונגען אַריינצוברענגען אַ פרייען געדאַנק. פונדעסטוועגן איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ רייכע און מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, וואָס איז ראוי געוואָרן אַריינגענומען צו ווערן אין ־ייסטער פון דער קינסטלערישער וועלט־ליטעראַטור.

די השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן סוף 19־טן יאָרהונדערט אין אייראָפּע, איז געווען אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער אַנטשטייאונג פון דער מאָדערנער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, קעגן דעם ווילן פון די משכילים און זייערע גייסטיקע פירער. די משכילים וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער אויפקלערונגס־אַרבעט אין העברעאיש, זיינען שפּעטער אַריבער צו די לאַנד־שפּראַכן, זיי האָבן יידיש פאַרמיאוסט אין די אויגן פון יעדן אויפגעקלערטן. אָבער אַ סך פון זיי, וואָס האָבן ליב געהאַט דאָס פאָלק און געפילט אַ גרויס אחריות צו די פאָלקס־מאַסן, האָבן אָנגעהויבן פירן זייער משכילישע אויפקלערונג אין יידיש, ווי אַקסנפעלד און עטינגער אין פוילן, יוסף פּערל אין גאַליציע, גאָטלאָבער אין רוסלאַנד, אייזיק מאיר דיק אין ווילנע און אַנדערע. די משכילים וואָס האָבן געפירט אַ שווערן קאַמף קעגן די חסידים, האָבן געוואָלט געווינען די כלל־מאַסן פאַר זייערע אידייען און, ווילנדיק ניט ווילנדיק, האָבן זיי אַריינגעבראַכט נייע יידישע ווערטער און נייע אויסדרוקן אין דער שפּראַך. יידיש איז געוואָרן אַביסל חשובער. מען האָט שוין ניט באַטראַכט דאָס יידישע לשון פאַר דער שפּראַך פון עמי־האַרצים און ווייבער, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן פריער, כאָטש דאָס יידיש שרייבן און ריידן איז ביי זיי געווען אַ מיטל און ניט קיין ציל.

דאָס יידישע לעבן איז אין יענער צייט געווען ענלעך צו אַ פעלד, וואָס האָט אַלע כעמישע שטאָפן פאַר באַפרוכפּערונג נאָר האָט ניט די השגחה פון אַ געניטן אַגראַנאָם, פון קוואַליפיצירטע באַאַרבעטער, איז עס פול מיט ווילדע געוויקסן. עמעץ האָט זיי געדאַרפט אַרויסרייסן, אויסרייניקן. מ׳האָט אויך געדאַרפט אַ טרייסל־טאָן די זעלבסט־געקרוינטע, פון גאָט געזאַלבטע

## הונדערט יאָר „דאָס קליינע מענטשעלע"

כל־המינים קהל'שע רעדל־פירער און פאַרזאָרגער. דאָס האָט געטאָן דער משכיל ש. י. אַבראַמאָוויטש פון קאַפּוליע אין זיין ערשט יידיש ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין דער יידישער וועכנט־לעכער ביילאַגע צו דעם העברעאישן זשורנאַל „קול מבשר", אין יאָר 1864, אין אָדעס.

אין דעם בוך שילדערט מענדעלע אַ ייד, יצחק אברהם, אַ תקיף. געבוירן ביי אָרעמע עלטערן. יונגערהייט איז ער געוואָרן אַ יתום. ער איז כמעט ניט געגאַנגען אין קיין חדר, פרי אָנגעהויבן אַרבעטן ביי פאַרשיידענע מלאכות, געוואָרן רייך. שפּעטער ווערט ער קהלס פירער. באַפעלט, רעגירט און דיקטירט. ער העכערט פרייזן אויף כשרע שפייזן, האָט ניט קיין האַרץ, קיין געפיל, קיין רחמנות, קיין יושר און זוכט נאָר כבוד.

מענדעלע, אַ קינד פון דער גרויסער אָרעמקייט, אַ בעל תורה, אַ טאַלאַנטירטער מענטש אויסגעוואַקסן אויף דער השכלה־ליטעראַטור און יונגערהייט פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון וואַנדערן אין פאַרשיידענע שטעט פון וואָלין און פּאָדאָליע, שלאָפן אין הקדש, בתי־מדרשים, האָט פונקט ווי אַ סך אַנדערע משכילים אָנגעהויבן זיין אויפקלערונג אין העבראַיש.

אין יאָר 1858 איז אַרויס זיין ערשט ווערק אין העברעאיש מיטן נאָמען „מכתב על דבר החינוך" (בריוו וועגן דערציאונג). אין 1860 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג אַרטיקלען אין העברעאיש מיטן נאָמען „משפט שלום" און אייניקע אַנדערע ווערק. אָבער שפּעטער איינגעזען, אַז „אָט קוק איך זיך צו צום שטייגער־לעבן פון אונדזער פאָלק", שרייבט ער אין אַן אַרטיקל, „און איך וויל דאָס דערציילן אין דער העברעאישער שפּראַך, אָבער דער גרעסטער טייל פון פאָלק פאַרשטייט ניט די דאָזיקע שפּראַך". האָט עס אים ניט געלאָזט רוען, האָט ער אָנגעהויבן פאַרזעצן זיין השכלה־אַרבעט אין יידיש. נאָר דאָ דאַרף ווערן אונטערשטראָכן, אַז ער האָט איר געגעבן אַן אַנדער פּנים, אַן אַנדער אידייע און זיך געשטעלט אַן אַנדער ציל. זיין שרייבן איז געקומען באַפרייען דאָס פאָלק פון די „קליינע מענטשעלעך", פון די „כל־המינים יידישע פאַרזאָרגער".

און מענדעלע דער ערשטער יידישער מאָדערנער שרייבער, וואָס האָט

דערזען די סאָציאַלע אומגלייכקייטן און אַריינגעקוקט אין טיפסטן אָפּגרונט פון יידישן לעבן. ער האָט אַרויסגעפירט אין זיינע ווערק בעטלערס, קאַליקעס, אביונים, לאָמע, בלינדע, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די בתי־מדרשים, באָד און הקדש, און זיי געוויזן דעם לייענער. ער האָט אויפגעוועקט ביי די פאָלקס־מאַסן דעם באַוואוסטזיין פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט און אַ געפיל פון ווידערשטאַנד צו די „קהל־פאַרזאָרגער". ער האָט דורך זיין העלד שלמה וועקער אין דער „טאַקסע", אַרויסגעוויטיקט דעם יידישן פאָלקס־ווייי. „עס שרייט צו אייך אַ קול פון אַ סך צעבראָכענע הערצער. פון אַ סך אומגליקלעכע יידן". ער שרייבט: 'דאָס איז דאָס קול פון אָרימע לייט, פון נויטבאַדערפטיקע באַלעמעלאָכעס און פון דערשלאָגענע מענטשן, וואָס מען דישעט ווי קעץ און מען לאָזט ניט אויפהויבן דעם קאָפּ", און מיט זיין שאַרפן סאַטירישן כלי־זיין רייסט ער אַרונטער די „קליינע מענטשעלעך". אַ בייסיקע איראָניע איז אויסגעשפּרייט איבער זיינע ווערק. ער רופט אַרויס צאָרן ביים לייענער צו די דאָזיקע „פאַרזאָרגער".

מענדעלע האָט ממש פאָטאָגראַפירט דאָס יידישע לעבן. אָן מענדעלעס ווערק וואָלט מען שוין היינט ניט געוואוסט ווי דאָס יידישע לעבן האָט דאַן אויסגעזען. ער האָט עס געוויזן אין אַ סטאַטישער מדרגה, בעת דאָס „שטעטל" איז נאָך געווען איינגעפונדעוועט און טיף־פאַרוואָרצלט. ער האָט אָפּגערייניקט דאָס יידישע לשון פון די דייטשע, סלאַווישע און פון די אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און האָט געשאַפן נייע. ער האָט זיי געשליפן, פּאָלירט. ער האָט זיך דערגרונטעוועט צו די טיפענישן פון די אָנגעזאַמלטע פאָלקס־אוצרות און צוריקגעגעבן דעם פאָלק זיין אייגנטום דורך קינסטלערישע ווערק, געשאַפן אין אַ נייער מאָדערנער שפּראַך.

איז מענדעלע דער ערשטער יידישער קלאַסיקער, וואָס האָט געשאַפן דערציילערישע פּראָזע, און „דער ערשטער יידישער שרייבער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט נאַטור־שילדערונגען אין דער יידישער ליטעראַטור (מ. ווינער, די יידישע ליטעראַטור פון 19־טן יאָרהונדערט). ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט אין מאָלן מענטשן און לאַנדשאַפטן.

פון דעם קערנדל, וואָס מענדעלע האָט פאַרזייט איז אויסגעוואַקסן אַ

ברייט פֿאַרצווייגטער ליטעראַרישער דעמב, מיט טיפֿע און שטאַרקע וואָרצלען, וואָס האָבן זיך געצויגן צו יעדן ישוב פֿון דער וועלט. אַ סך בלוטיקע שונאים האָבן אָפּגעריסן בלעטער, אָפּגעבראָכן צווייגן און אים געלאָזט הויל און נאַקעט אָן השגחה. ער איז אָבער איבערגעקומען אַלע געוויטערס און האָט אַלעמאָל צובאַקומען נאַרונג. עס האָבן זיך באַוויזן נייע דיכטער, דערציילער און ראָמאַניסטן, עסייאיסטן. אין די לעצטע הונדערט יאָר איז זיך צעוואָקסן אַ יידישע ליטעראַטור, וואָס פֿאַרנעמט אַ באַדייטנדיק אָרט ביי אונדזער פֿאָלק און אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור.

# יצחק לייבוש פרץ — די עטיש-הומאַנע

# פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ק י י ט



**פון זינט** יצחק לייבוש פרץ האָט געשטעלט זיינע ערשטע, שרייבערשע טריט, האָט די ליטעראַטור-קריטיק ניט אויפגעהערט שרייבן און טייטשן זיין גאַנג אין דער יידישער ליטעראַ־טור, און היינט, מער פון פופציק יאָר נאָך זיין טויט, זיינען וועגן אים אָנגע־שריבן געוואָרן צענדליקער ביכער, הונדערטער לידער און אַרטיקלען זאָן מען האַלט נאָך אין איין שרייבן און ריידן וועגן אים. וואָס מער מע שרייבט און מען טייטשט פרצ׳ן אַלץ מער אַנטפּלעקט זיך זיין גענ־יאַלקייט און אַלץ מער טורעמט אויף דער ברייטער, טיפער פאַרנעם פון זיין ליטעראַריש־קינסטלערישער און עטישער געשטאַלט.

י. ל. פרצ׳עס ערשטע ליטעראַרישע שאַפונגען זיינען דערשינען אין 1874. אַ העפטל פּוילישע און יידישע פּאָפּולערע לידער. אין 1876 האָט ער אָפּגעדרוקט עטלעכע לידער אין „השחר" און אַ פּאָעמע אין העברעאיש „נגניאל". דאָרטן זיינען שוין קאָנטיק די סימנים פון זיין געפיל פאַר יושר. ער שילדערט דאָרט פיר דיכטער, וואָס קומען צו אים מיט פאַרלאַנגען. איינער בעט ביי אים אַ לייכטע פעדער כדי ער זאָל קאָנען שרייבן מיט איר לידער, זינגען פאַר די גבירים און אַזוי אָרום פאַרדינען אויף ברויט פאַר זיך און זיין משפחה. אַ צווייטער בעט לירישע געפילן כדי ער זאָל קאָנען באַזינגען זיין געליבטע. אַ דריטער וויל האָבן אַ שיינע העברעאישע שפּראַך.

נגניאל זאָגט אָפּ אַלע דיכטער. אָבער ווען עס קומט דער לעצטער דיכטער און בעט כוח און מוט צו קעמפן פאַר גערעכטיקייט קעגן די באַ׳עוולה׳ער פון פאָלק, בענטשט ער אים און ווינטשט אים הצלחה.

פרץ האָט כמעט ניט געשריבן אויף יידיש ביז ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין באַוואוסטע פּאָעמע „מאָניש". ער איז אָבער, באַלד ביי זיין שרייבערישן אָנהויב, אַריינגעקומען אין דער יידישער ליטעראַטור מיט אַ ניכטערן קוק אויף דער וועלט און מיט קלאָרע צילן. פרץ האָט זיי געווידמעט די פאָלקס־מאַסן און אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

פרץ האָט געפונען דעם וועגן צום האַרץ און דער נשמה פון פאָלק מיט זיינע וואונדערלעכע משלים, פאָלקסטימלעכע געשיכטן, דערציילונגען און לידער. ער האָט אַריינגעוועבט אין זיי פרייהייטס־קערענדלעך, מענטש־לעכע גוטסקייט און עטישע אידייען. דאָס זיינען שיינע און חנ׳ודיקע בלימעלעך, וואָס לאָשטשען און דערפרישן אַ מענטשלעך געמיט.

פרץ איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור מיט אַן אימפּעט, אַ רייפער, אַ צייטיקער און האָט באַלד פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פונעם לייענער און ליטעראַטור־קריטיקער מיט זיין גרויס קענטעניש פון דער רוסישער, העברעאישער, פּוילישער, דייטשער און אַנדערע ליטעראַטורן. ער איז דאָן אויך געווען באַקאַנט מיט די סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַלע אידייען פון אייראָפּע און אַ באַווירקטער פון זיין מאַמעס גוטסקייט און מענטשן־ליבע און פון זיין פאָטערס בונטאַרישקייט.

גרויסע דענקער האָבן אַ פּאָזיטיוון קוק אויף דער געזעלשאַפט אין וועלכער זיי לעבן. זיי זיינען ניט גלייכגילטיק צו די געשעענישן, וואָס שפּיג־לען זיך אָפּ אין זייער צייט. זיי ווילן אַריינטראָגן ענדערונגען, מאַכן רעפאָרמען אויסבעסערן אָנגענומענע פאַרעלטערטע טראַדיציעס, אַזאַ איז אויך געווען י. ל. פרץ. ער האָט געוואָלט ענדערן דאָס פּנים פון דער אַלטער וועלט, וואָס איז געווען צעטיילט אויף שטאַרקע און שוואַכע, באַדריקער און אונטערדריקטע.

ער שרייבט: „מען זאָגט, אַז אייביק וועלן מענטשן זיין אונטערן דרוק פון געלט, פון יחוס; האַרן און שקלאַפן, אַז אייביק וועלן זיך גיסן

טייכן בלוט״. און ער פאַרענדיקט: „איך גלויב אַז די פיאַוקעס וועלן געפינען זייער קבר; די נאַכט וועט פאַרשווינדן. אין מזרח זעען זיך שוין שטראַלן פון באַגינען״ (השחר).

אין אַ דערציילונג „דער תענית״ מאָלט פרץ אַ בילד פון שוידער־לעכער אָרעמקייט. ער זעט בלאַסע קינדערלעך מיט גרינע און געלע פנים׳לעך און ער פרעגט זיי: „וואָס וועט זיין פון אייך ווען איר וועט אויס־וואַקסן? וועט איר האַנדלען מיט מענטשלעכן שווייס און בלוט? וועט איר בויען אַ הויז אויף יענעמס חורבן? רייך ווערן אויף יענעמס אומגליק? אויב יאָ, וועל איך אייך וואַרפן אונטער די רעדער פון אַ בויט״.

אין אַ ליד „סיפּורים בשיר״, שרייבט ער: „עס קען זיך קיינמאָל ניט פרייען דער דיכטער, ווען ער איז אַרומגערינגלט מיט טרויער, ווייל דער פאָלקס־טרויער איז זיין אייגענע טרויער, אויב ער פאַרמאָגט נאָר אַ געפילפול האַרץ און אַ זעעוודיק אויג.״ און פרץ ווענדט זיינע פיילן צום רייכן קלאַס: איר איינוואוינער פון פאַלאַצן און געלט־זעק. ווייסט איר וואָס עס הייסט נויט? פאַרשטייט איר וואָס הייסט הונגער?״ (דאָס ליד האָט ער געשריבן אינאיינעם מיט זיין שווער יהודה ליכטנפעלד).

פרץ האָט אָנגעהויבן בויען די יידישע ליטעראַטור אויף אַ רויען און טרוקענעם באָדן. די זריעה־קערענדלעך וואָס דער זיידע מענדעלע האָט פאַרזייט אין 1865 זיינען כמעט נאָך ניט אויפגעגאַנגען. דער מצב איז געווען שלעכט. פרץ האָט אַריינגעטראָגן אָרדנונג. ווי אַ געטרייער אַגראָנאָם וואָס גיט אַכטונג אויף די קערענדלעך, וואָס ער פאַרזייט, אַזוי האָט ער גע־וואַכט איבער די יונגע ליטעראַרישע שפּראָצונגען, וואָס האָבן זיך אָנגע־הויבן באַווייזן אין זיין צייט. ער האָט באַפרוכפּערט די אויפגעקומענע שרייבער מיט עטיש־הומאַניטאַרע אידייען. די שרייבער האָבן אים פאַרערט. זיי האָבן זיך געצויגן צו אים פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, זיי האָבן געוואָלט זיין מבינות אויף זייערע שאַפונגען ער האָט זיך באַצויגן צו זיי ווי אַ געטרייער פאָטער צו זיינע קינדער. ער איז געווען פאַר זיי דער עמוד האש, וואָס האָט באַלויכטן זייער ליטעראַרישן גאַנג.

פרץ האָט געמאָלן דאָס פילפאַרביק יידיש לעבן פון פוילן. די דורות׳־

## יצחק לייבוש פרץ — די עטיש־הומאַנע פערזענלעכקייט

דיקע איינגעוואָרצלטע מיליאָנען יידן אין די שטעטלעך, די חסידים־שטיבלעך די מלמדים, רביי׳איש׳ע דינאַסטיעס. ער האָט אַריינגעטראָגן יום־טובדיקייט אין יידישן לעבן. „אַזוי גייען מיר יום־טובדיק און טאַנצנדיק מיר גרויסע יידן, שבת־יום׳טובדיקע יידן, די נשמות פלאַקערן (די גאָלדענע קייט). ער האָט געוואָלט עס זאָל קיין וואָך ניט זיין, נאָר אייביקער ש ב ת. „ניט גע־פסק׳נט, ניט געשטראָפט, ניט געאַקערט, ניט געזייט.״ מיט דעם יום־טובדיקן מאָטיוו איז ער אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט דאָס אַלמענטש־לעכע פון יידישן לעבן אַריינגעוועבט אין דעם היינט און געוויזן די יידישע פאָלקס־מאַסן דעם וועג צו אַ נייעם לעבן.

אין זיינע ערשטע שרייבערישע טריט, האָט פרץ אָפּגעשפּיגלט זיינע אינערלעכע נשמה־ראַנגלענישן. אין זיין באַוואוסטער פּאָעמע „מאָניש״ האָט אַרויסגעהויבן פּראָבלעמען, וואָס ער האָט געזוכט צו פאַרענטפערן

„צי ווייס איך דען מאַמע, וואָס עס זינגט דאָרט אין מיר,
איך ווייס נאָר אין האַרץ איז אַנדערש ווי פריער״.

אַנדערש ווי אין זיין קינדהייט. אָבער זיין שאַרף אויג האָט שוין געזען ווי דער האָרעפּאַשניק ראַנגלט זיך פאַרן קיום. דער געבילדעטער אינטע־ליגענט קוקט מיט ביטול אויפן המון. דער פרומער שיכט האַלט אָן די העגעמאָניע איבערן פאָלקס־מענטש. דער שטאַרקער רעגירט איבערן שוואַכן. ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם צאָרן קעגן אומרעכט און ער זאָגט אין דער פּאָעמע „מאָניש״ ווי די וועלט זעט אים אויס:

„איר ווייסט מן הסתם, די וועלט איז אַ ים,
טייל זיינען העכט און שלינגען ניט שלעכט.
די וועלט איז אַ ים, ברייט אָן אַ שיער,
און די פיש זיינען מיר״.

פרץ האָט דערפאַר קלאָר געמאַכט דער יידישער וועלט, אַז ער איז

געקומען „צעוואַרפן די אַלטע וועלט", און עס איז שוין צייט, אַז אונדזער אינטעליגענץ זאָל פאַרשטיין וואָס פאַר אַ התחייבות זי האָט פאַרן פאָלק. „מיר וועלן די אַלגעמיינע, מענטשלעכע פאָן ניט אַרויסלאָזן פון האַנט".

פּרץ האָט אָנגעהויבן אײַנוועבן מענטשלעכע חשיבות אין זײַנע ווערק. ער האָט אָפּגעלאַכט פון די „באָנטשע שווייגס", וואָס באַנוגענען זיך בלויז מיט אַ „בולקע מיט פּוטער" פאַר זייער אַרבעט. ער האָט מיט גרויס סאַטירע געחוזק׳ט פון דער „שטריימל", וואָס הערשט מיט כּוח, פונעם צדיק, פון דער „פרומער קאַץ", וואָס מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי באַשיצט די שוואַכע פייגע־לעך, אָבער אין דער אמתן דערשטיקט זי די פייגעלעך. פּרץ, דער גרויסער קינסטלער האָט אָפּגעשוואַכט די העגעמאָניע פון דער רעליגיע, דווקא דורך זײַנע חסידישע מעשה׳לעך, וואָס זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין האַרץ און אין דער נשמה פונעם פאָלקס מענטשן און פרומען יידן.

די חסידישע מעשהלעך האָבן צעשטערט די אידיליע און האָבן קריטיש אויפגענומען די רעליגיעזע לערע, וואָס מען האָט אין זיי אײַנגעפלאַנצט אין די יונגע יאָרן.

פּרץ האָט געלערנט אַ נײַע עטיק, אַ נײַע מאָראַל. ער האָט געוויזן, אַז דער מענטש דאַרף זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט לערנען תּורה. דער קיום פון דער וועלט שטייט אויף מעשים טובים ווי אין דעם פאָלקסטימלעכן מעשהלע וועגן לייבל קאָנסקאָוואַליער. אַ מלאך קומט צו לייבלען פאַר דער פּטירה און זאָגט אים, אַז ס׳איז גרייט פאַר אים אַ שטול אין גן־עדן, ער וועט דאָרט גאָרניט טאָן, נאָר עסן דעם שור הבר מיטן לוויתן און וועט פאַרטרינקען מיטן יין המשומר. פרעגט לייבל דעם מלאך. „דאַרף מען דאָרט וועמען העלפן, גרינגער מאַכן די ליידן, טרייסטן די געפּייניקטע, צובונדן די וואונדן פון די געשלאָגענע ?" דער מלאך ענטפערט לייבלען אַז דאָס טוט מען אין גיהנום. לייבל קאָנסקאָוואַליער זאָגט דעם מלאך, אַז ער וויל בעסער זײַן אין גיהנום.

פּרץ האָט געלערנט, אַז אָנהאַקן האָלץ און דערוואַרעמען אַ הויז פון אַ קראַנקער אָרימער אלמנה שטייט העכער פון לערנען תּורה. ער האָט געשאַפן

די עטישע געשטאַלט פון חיים יונה, וואָס גיט אַוועק דעם לעצטן גראָשן פאַר מעות־חיטים און מיט זיין ווייב פראַוועך דעם סדר ציי פרעמדע. ער פאַר מעות־חיטים און ער מיטן ווייב פראַוועך דעם סדר ביי פרעמדע. ער ביי כביכול אַליין. דער וואַסער־טרעגער וויל ניט אַז זיין ווייב זאָל זיין אין גן עדן ביי אים אַ פוס־בענקעלע, נאָר זאָל זיצן לעבן אים אויף דעם זעלבן בענקל. פרץ האָט דערוועקט דעם אומדערשראָקענעם מוט ביי בערל דעם שניידער, וואָס רופט גאָט צו אַ דין־תורה. „השם יתברך וויל איך זאָל אָפּהיטן זיינע געבאָטן", טענה'ט בערל, זאָל ער געבן פּרנסה, אויב ניט וועל איך ניט דאַוונען און ניט גיין אין בית־מדרש. דער בערדיטשעווער רבי פּסקנט, אַז בערל איז גערעכט.

עס זיינען פאַראַן גריוסע קינסטלער, וואָס האָבן געשאַפן גרויסע ווערק, אָבער זיי האָבן ניט געשאַפן קיין טיפן און פאָלקס־ווערטלעך, מיט וועלכע דאָס פאָלק באַנוצט זיך טאָג־טעגלעך און וואָס באַצייכענען דעם מהות און כאַראַקטער פון פאָלקס־מענטשן, ווי פרץ האָט געטאָן. ווען מען וויל באַ־צייכענען אַ מענטשן, וואָס באַנוגנט זיך מיטן מינימאַלסטן און האָט ניט קיין פאַרלאַנגען פאַר אַ העכערן לעבן, זאָגט מען אַז ער איז אַ „באָנטשע שווייג". ווען עמיצער איז אונטערטעניק, זאָגט מען, אַז ער „באַדינט תלמידי חכמים", און אויב אַ מענטש באַגייט אַן עטיש־הומאַניטאַרע טאַט, ווערט מען אים פאַרגלייכן צו פּרצ'עס „געמיראָוווער רב".

פרץ איז געווען דער ערשטער יידישער שרייבער וואָס האָט געזען, אַז דער אָנקומענדיקער קאַפּיטאַליזם וועט אַרויסרייסן די ליבשאַפט פון מענטש צו מענטש און מענטשן וועלן זיך קוילענען צוליב דעם „גאָלדענעם קאַלב". מען זעט עס בולט אין פּרצ'עס קלאַסישער פּאָעמע „צוויי ברידער". די ברידערלעכע הערצער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן „צוזאַמען געטריי", האָט די שלאַנג פאַר'סמ'ט. די ליבשאַפט, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון איין ברודער איז צוליב דער סיבה, וואָס ער איז געוואָרן אַן עושר.

דיין ברודער איז אַ פאַבריק
פון קרעלן, דימענטן און גליק.
דיין ברודער האָט אַן איידעלע פעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל און האָסט שוין אַ קרעל
בלוט זאָגסטו איז עס, בלוט זאָגסטו, אַ קאָפּ
דו נאַר, דאָס זיינען קרעלן, דו צאַפּ נאָר און צאַפּ.

## נתן פאָדעמבערג

דער ברודער צאַפּט. די שלאַנג קוקט און לאַכט. דער שטאַרקער פאַר־שקלאַפּט דעם שוואַכן. דער „שקר לויפט און דער אמת גייט צופוס״.

פּרץ האָט אויסגעוויייטיקט דעם צער און די בענקעניש פון די אָרעמע „בייטאַרינס״, וואָס זיצן און שקלאַפן ביי די מאַשינען און פאַרטיקן אויס די „זיידענע קליידער״ פאַר גבירישע טעכטער צו זייער חתונה. אָט די מיידלעך, וואָס ווערט פאַרעלטערט פאַר דער צייט און בעטן כאָטש „אַן אַלטן מאַן, אַן אַלטן ייד״ פאַר זייער באַשערטן.

פּרץ האָט איינגעזאַפּט די פּייַנען פון די אָרעמע יידן, וואָס פלעגן קומען אין דער גמינע בעטן אומזיסטע קרקע פאַר איינעם פון זייער משפּחה. ער האָט מיטגעליטן מיט די אביונים, וואָס וואוינען אין פייכטן „קעלער-שטוב״, מיט דער מאַמען, וואָס טרויערט וואָס איר טאָכטער בלייבט פאַרזעסן („מוסר״).

פּרצ׳עס אידייאישער באַנעם גייט האַנט און האַנט מיט זיין גרויסער עטישער פערזענלעכקייט. ס׳איז ניטאָ קיין דיסהאַרמאָניע צווישן שרייבער און דעם געזעלשאַפטלעכן טוער. מיטן פייער פון זיין נשמה האָט פּרץ געשטרעבט צו אַ קולטורעלן יידישן פאָלקס-מענטשן. ער איז געווען מיט אים אָרגאַניש באַהאָפטן און אין דער זעלבער צייט האָט ער געוואָרפן פיילן אין דער יידישע-בירגערלעכער וועלט קעגן די פאַלשע משיחים פון פאָלק און האָט זיי אָנגעזאָגט אַ שטראָף.

פּרץ האָט געהאָלפן דעם יידישן שרייבער מיט ראַט און טאַט. ער האָט געהאַלטן ביי זיך, ווי אַ בן-בית דעם שרייבער יעקב דינעזאָן, געווען צו אים ווי אַ טרייער פאָטער צו אַ זון.

צוליב דעם וואָס די יידישע מאַסן האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין העברעאיש, האָט פּרץ אָנגעהויבן שרייבן אויף יידיש. ער איז געווען דער הויפּט-פון דער יידישער שפּראַך-קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, אין 1908.

פּרץ איז אויך געווען נאָענט צום בונד. ער איז אפילו איינמאָל אַרעסטירט

געוואָרן ביי אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג און איז אָפּגעזעסן דריי חדשים אין וואַרשעווער „פּאַוויאַק״. ער האָט אויך געפירט אַ קאַמפּאַניע צו דערוויילן דעם ליבעראַלן קאַנדידאַט יאַגעלן צו דער דומע אין צאַרישן רוסלאַנד. איז פּרצ׳עס הויז פלעגן די אַרבעטער דיסקוטירן זייערע פּראָבלעמען.

בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען וואַרשע איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט היימלאָזע יידן האָט פּרץ געשאַפן קינדער-היימען, שפּייז, קליידונג און געשריבן כרעסטאָמאַטיעס און לידער פאַר די קינדערלעך.

דער גרויסער יידישער קלאַסיקער האָט געגלויבט אין מענטשן און אין דער צוקונפט פונעם אַרבעטנדיקן פאָלק און אין דער פריינטשאַפט פון פעלקער. —

„שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלע, מישט די פאַרבן אויס צוזאַמען. אַלע מענטשן זיינען ברידער, פון איין טאַטן, פון איין מאַמען״.

פּרץ האָט געוואָרנט די רייכע און שטאַרקע אין זיין באַוואוסט ליד:

„מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע״ באַשאַפן צו מאַכן אַ וועג זיך מיט פויסטן און נעגל צום שענק פּאַס, פרעסן און זויפן, ווען אַנדערע קוקן פון וויטן מיט גלעזערנע אויגן״. — — — — — — —

וואו נאָר פּרץ האָט זיך באַוויזן איז געוואָרן יום-טוב. אין קראַשינסקיס גאָרטן איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון הונדערטער אַדבעטעד און פאָלקס-מענטשן. אין זיין געבוירן-שטאָט, זאַמאָשטש, האָבן אים שונאים גע׳מסר׳ט און ער האָט פאַרלאָרן דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן אַדוואָקאַטור.

פּרץ האָט געלויכטן אין זיין שאַפן ווי אַן עמוד-אש, אַ פייער-זייל. זיין ליכט וועט שיינען ווי לאַנג עס וועלן זיין מענטשן וואָס בענקען און קעמפן פאַר אַן עטיש-הומאַנער וועלט.

# שלום עליכם — דער טראַגישער הומאָריסט



אַ פאָלקס־־לעגענדע דער־ציילט: ווען דער רבונו של עולם האָט פאַרזאַמלט די יידן ביים באַרג סיני, האָבן יידן ניט געוואָלט נעמען די תורה. האָט גאָט געזאָגט צו די יידן: אויב איר וועט מקבל זיין מיין תורה, וועט איר זוכה זיין צו יענער וועלט. האָבן אים די יידן געפרעגט: וואָס אַזוינס איז יענע וועלט? און גאָט האָט גע־ענטפערט: אויף יענער וועלט וועט איר עסן דעם שור הבר און טרינקען דעם יין המשומר. האָבן די יידן גע־זאָגט: וואָס טויג אונדז די גוטע זאַכן נאָכן טויט. מיר ווילן זאָלסט אונדז עפּעס געבן ביים לעבן. האָט גאָט געזאָגט: גערעכט! און ער האָט זיי געגעבן דעם שבת.

יידן זיינען געבענטשט געוואָרן מיט אַ גרויסן טאַלאַנטירטן הומאָריסט שלום עליכם, וואָס האָט געבראַכט דעם שבת אין די וואָכן־טעג.

שלום עליכם, ווי די אַנדערע משכילים־שרייבער אין זיין צייט, האָט איינגעזען, אַז די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַרשטייען ניט קיין העברעאיש, און אַז זייערע ווערק ווערן בלויז געלייענט פון אַ קליינער צאָל יידן, און דער יונגער בחור האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן שרייבן אויף „זשאַרגאָן". נאָר ווי שרייבט מען אויף אַזאַ לשון? עס איז דאָך אַ ווייבערשע שפּראַך! אָבער ווען ער האָט, אין יאָר 1883, דערזען אַ יידישע צייטונג „דאָס פאָלקס בלאַט", וואָס דער העברעאישער „המליץ" האָט אַרויסגעגעבן, געשריבן אין אַ שפּראַך, וואָס אַלע פאַרשטייען, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער קאָן אויך שרייבן אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין.

## שלום עליכם — דער טראַגישער הומאָריסט

„פאַרוואָס קאָן איך ניט שרייבן אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין״ ? — האָט דער יינגער שלום ראַבינאָוויץ געפרעגט ביי זיין פאָטער נחום. דער פאָטער איז אָבער ניט געווען שטאַרק צופרידן, וואָס זיין זון וויל ווערן אַ „זשאַרגאָנישער״ שרייבער. דער גרויסער הומאָריסט האָט דעמאָלט געפונען אַ מיטל ניט מצער זיין דעם טאַטן און אָנגעהויבן שרייבן אונטערן פסעוודאָנים „שלום עליכם״. זיין פאָטער אַליין האָט ניט געוואוסט ווער איז דער שרייבער און זיך געקוויקט מיט די „זשאַרגאָנישע״ ווערק פון דעם אומבאַקאַנטן הומאָריסט „שלום עליכם״.

שלום עליכם איז פון די וויכטיקסטע הומאָריסטן אין דער וועלט. ס׳איז שווער צו געפינען זיין ענלעכקייט. הומאָר איז אַזאַ קונסט, וואָס מען קאָן ניט אויסלערנען. אפילו, ווען מיר נעמען אָן אַז אַנדערע סאָרט שרייב-קונסטן -- דערציילונג, ראָמאַן, רעפּאָרטאַזש — קאָן מען יאָ לערנען אין אוניווערסיטעט אָדער הויך-שולן. ניטאָ קיין לערן-אינסטיטוציעס פאַר חכמה און שאַרפזין. הומאָר איז אַזאַ פלאַנץ, וואָס מען וועט מיט איר געבוירן. די נאַטור שענקט דעם אוצר בלויז צו פריווילעגירטע מענטשן און אַזאַ איינער, אַן אויסדער-ווילטער, באַווייזט זיך איינמאָל אין דורות.

וואָס לענגער אַ שרייבער פלאַנירט, שלייפט און פּאָלירט זיין ווערק, אַלץ קינסטלערישער איז דאָס ווערק, הומאָר אָבער ווערט געשאַפן אויפן מאָמענט. וואָס לענגער עס דויערט אַלץ ווייניקער איז די ווירקונג און אַלץ שוואַכער דער איינדרוק. מען קאָן עס פאַרגלייכן צו אָנגעגליט שטאָל, וואָס מען דאַרף עס נוצן אַזוי גיך ווי מען נעמט עס אַרויס פון פייער, אויב ניט ווערט עס שנעל פאַרהאַרטעוועט און מען קאָן עס ניט בויגן און מייסטערן.

שלום עליכם האָט צוויי סאָרטן הומאָר. איין הומאָר איז סאַטיריש און ער האָט אים גענוצט קעגן די צאַרישע רדיפות און קעגן אַלע יידישע שונאים. ער האָט אָפּגעשפּאָט פון די קהלשע פירער און די שטייפע נגידים. דער צווייטער סאָרט הומאָר איז אַ פשוטער, אַן אומשולדיקער. זיין ציל איז צו דערקוויקן דורך געלעכטער, ווייל געלעכטער באַפרייט פון כעס און אַמאָל איז עס אויך אַ רפואה. „לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן״ — זאָגט דער גרויסער פאָלקס-שרייבער. לאַכן איז ווי אַ מין אַריינשפּריצונג אין אַ

## נתן פאָדעמבערג

קראַנקן קערפּער. בעתן אַריינשטעכן די פליסיקייט שפּירט מען טאַקע אַביסל ווייטיק, אָבער ס'איז צו רפואה. הומאָר איז אויך ווי אַ גוטער געטראַנק, מען דערפילט אַ גוטן טעם אין מויל אין דער ערשטער רגע.

דער לייענער מוז לאַכן און הנאה האָבן פון שלום עליכמס אַ מעשה „אויסגעטרייסלט" — די מעשה מיטן זיידענעם יונגנמאַן, וועמען מען איז חושד אין אַ גניבה, און לסוף געפינט מען ביי אים פלוימען-קערלעך אין קעשענע.

„טוביה דער מילכיקער" — ער פאָרט מיטן פערד און וואָגן קיין בויבעריק. ס'ווערט טונקל. טוביה שטעלט זיך דאַווענען מנחה. דאָס פערדל צעבריקעוועט זיך און טוביה דאַרף אים לויפן כאַפּן אין מיטן שמונה-עשרה, און די מעשה מיט טוביה'ס אַהיימפירן צוויי פרויען קיין בויבעריק. ווען מען פרעגט אים וויפל ער וויל פאַר דער נסיעה, טראַכט ער אַז אײן זאָגן רובל וועט זיין צו ווייניק, צוויי רובל — צו טייער, וועט ער זיך הייסן געבן דריי...

און אַז מען פרעגט אים וועגן זיין פּרנסה ענטפערט ער, אַז ער איז אַ ייד אַן עושר. ווי אַזוי קאָן אַ ייד, וואָס פאַרקויפט מילכיקס זיין אַ נגיד? איז דער תירוץ „עס איז גאָר פּשוט. איך האָב, גאָט צו דאַנקען, פינף טעכטער און מיין ווייב גאָלדע זאָגט, אַז יעדעס קינד איז ביי איר ווערט אַ מיליאָן, בין איך, קיין עין הרע, אַ ייד פון פינף מיליאָן". נאָכדעם ווי מען גיט אים פינפער-לעך, צענערלעך, געבראָטענע קאַטשקעס ,געענדז און נאָך מאכלים ער זאָל זיי פירן פאַרן ווייב און קינדער, כאַפּט ער זיך אַז דאָס פערדל איז אים ניט געוואָרן. די גאַנצע געשיכטע מיטן געלט און די מאכלים איז גאָר אַ מין כישוף. ווען די באַלעבאַטים פרעגן אים: „ר' טוביה, וואָס איז געשען?" ענטפערט ער אַז מען האָט ביי אים גע'גנב'עט דאָס פערד. אָבער דאָס פערדל איז גאָר געשטאַנען אין שטאַל און רואיק געקייט דעם האָבער...

טוביה איז געקומען אַהיים שפּעט ביינאַכט. גאָלדע האָט אים געגעבן דעם אמת'ן ברוך הבא און טוביה ענטפערט: „אַ גליק וואָס ס'איז געוואָרן אויס מאָדע צו האָבן אַ סך ווייבער"...

מיט אַזאַ חנ'ווידיקן הומאָר איז דורכגעוועבט שלום עליכמס שאַפן. שלום עליכם האָט מיט זיין הומאָר אַנטפּלעקט די גאַנצע יידישע

## שלום עליכם — דער טראַגישער הומאָריסט

טראַגעדיע און דורכדעם גרינגער געמאַכט דאָס יידישע לעבן. זיין הומאָר איז געווען אַ שעפערישער, אַ דערציִערישער. אים מאַכט ניט אויס, וואָס דער פשוטער ייד, דער ברעזע הענדלער, דער צעקראַכענער אינטעליגענט און אַנדערע האָבן זיך פאַרוויילט און הנאה געהאַט ווען זיי האָבן געלייענט דעם שרייבער. אין דעם אָנקוועלן פון שלום עליכמס וויצן און קאָמישע סיטואַציעס האָט זיך דער לייענער איינגעשפיגלט אין זיין אייגן לעבן. אַ ברעזע-הענדלער האָט דורכגעלייענט שלום-עליכמס "מנחם מענדל" און "שיינע-שיינדל" און האָט דערזען דאָס בילד פון זיין פינצטערער פרנסה, זיין לויפן, האַוועז און שמייען און זיינע חלומות: אָט-אָט כאַפּט ער אַ גוט פאַרדינסטל. ער וועט רייך ווערן. ער לאָזט וויסן זיין ווייב, וואָס פאַר אַ גרויסע גליקן עס דערוואַרטן אים און לסוף לאָזט זיך אויס אַ בוידעם. . .זיין ווייב מוז פאַרקויפן די לייכטער כדי צו האָבן פאַר אים אויף הוצאות.

שלום עליכם האָט געוויזן די באַדנלאָזיקייט פון אַזאַ לעבן און דער מוסר-שכל איז, אַז די ווינט-פרנסות פירן צום אָפּגרונט. דאָס הייסט אַ שע־פערישער הומאָר.

שלום עליכמס "מנחם מענדל" איז געווען אַן אָנדייט, אַז יידן זאָלן אָוועקוואַרפן די לופט-פרנסות און ווערן פראָדוקטיווע מענטשן. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָבער באַוויזן די יידן־שונאים, אַז דער "לופט־מענטש" איז אַ רעזולטאַט פון יידישן גלות.

מנחם מענדל איז אַ טראַגישער העלד. טוביה'ן אָבער האָט שלום עליכם שטאַרק ליב. דאָס איז אַ האַרציקער פאָלקס-מענטש. טוביה'ן לאָקט ניט קיין געלט. ער איז אַ גרויסער מכניס אורח. ער טרייסט און דערמוטיקט, פלאַנצט בלינצעס, קנישעס און אַנדערע גוטע מאכלים. וואָלט ניט געווען אַ יושר, אַז טוביה זאָל אויך פאַרזוכן אַ ביסל דאַטשע אין זומער. איך האַרעווע דען ניט? איי ווער וועט מעלקן די בהמות? — טאַקע זיי, די יעהופּעצער נגידים".

ווי יעדער שרייבער איז שלום עליכם אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה און ווי יעדער שרייבער האָט שלום עליכם געשעפּט זיין שרייבערישן מאַטעריאַל

פון זיין פאָלק און סביבה. ער האָט צונויפגעקליבן די אוצרות פאָלקס-ווערטלעך, די פאַרשיידענע דיאַלעקטן און אידיאָמען, וואָס זיינען געלעגן אין די טיפענישן פון פאָלק. ער האָט זיי אַריינגעוועבט אין זיין שאַפן און צוריקגעגעבן דעם פאָלק. קיין יידישער שרייבער איז אַזוי טיף ניט געווען פאַרגרונטעוועט אין אין יידישן געמיט ווי שלום עליכם און קיין יידישער שרייבער איז אַזויפיל ניט געלייענט געוואָרן ווי שלום עליכם.

שלום עליכמס יידן זיינען וועלטלעכע. זיי קומען אין קאָנטאַקט מיט ניט-יידן. זיי פאָרן אַרום איבער דער וועלט. זיי כאַפּן זיך אַריין אין אַ שטאָט וואו יידן טאָרן ניט וואוינען. זיי ריידן נאַציאָנאַלע און וועלט פּאָליטיק. זיינע העלדן זיינען פּאָליטישע טוער, וואָס ווערן פאַר׳משפט צו קאַטאָרגע אין סיביר (פערפערל). שלום עליכם האָט אויך ווי אַרויפגעצויגן אַ יידישע הויט אויף אַ ניט-יידן כדי דער ניט-ייד זאָל דערפילן די לידן, וואָס יידן זיינען אויסגעשטאַנען אונטערן צאַריזם („שווער צו זיין אַ ייד״).

שלום עליכמס שאַפן איז דורכגעוועבט מיט אַ סך חנוודיקע מאָלערייען, דער דאָזיקער געמעל איז פאַרבונדן מיטן שווערן לעבן פון די טוביה׳ס און די אַנדערע האָרעפאַשניקעס. דאָס בילד ווי טוביה פאָרט מיטן פערד און וועגעלע דורך אַ וואַלד צום וואָקזאַל: „ויהי היום, איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, פאָר איך מיר אַזוי זומער לעבן אין וואַלד צוריק אַהיים אָן די קלעצער. דער קאָפּ אין דער ערד. אויפן האַרצן וויסט און פינצטער. דאָס פערדל נעבאַך, קוים-קוים וואָס ער פּלאָנטערט מיט די פיס, כאָטש האַק און בראָק און עס רירט זיך ניט פון אָרט. קריך, זאָג איך, שלימזל אין דער ערד גלייך מיט מיר; ווייס אויך וואָס עס באַטייט אַ תענית אין אַ לאַנגן זומער־טאָג און שטייסט אין ביי טוביה׳ן פאַר אַ פערד״.

שלום עליכם האָט פיינט געהאַט די לוקסיעזע פּריץ, וואָס פאָרן אויף די דאַטשעס און באַרימען זיך מיט זייער רייכקייט, מיט זייער פּרץ און צירונג; די רייכע זינדלעך מיט זייער אויפגעבלאָזענער געלערזאַמקייט, דעם נגיד מיט זיין האַרצלאָזיקייט, וואָס האָט ניט קיין פּיצל רחמנות אויפן אָרעמען מענטש. דעם נגיד, צו וועמען אַן אלמנה קומט בעטן אַ טובה, ריפט ער „גאָטס גנב״. „רב שמחהלע האָט געהאַלטן סאַמע גאָכן עסן, ווען די אלמנה איז גע-

קומען צו אים בעטן אַ טובה. רב שמחהלע האָט אויסגעהערט מיט קאָפּ. די גאַנצע צייט האָט ער קאַלופּעט די ציין געווען רויט, אַביסל געשוויצט און עטוואָס געדרימלט. ער האָט געקוקט אויף איר נאָר מיט איין אויג און בשעת מעשה געקלערט אַביסל וועגן מאָגן. די אלמנה בעט, שטאַמלט דערשראָקן און רב שמחהלע טראַכט, וואָס איז די מעשה, וואָס עס איז אים פול דער מאָגן (דער יינגסטער פון די מלכים).

טוביה, דער פשוטער ייד, וואָס האָט ניט געלייענט קיין טריפה-פסול׳ס, דערוועקט ביים לייענער אַ ווידערגעפיל צום נגיד. ער ווייזט ווי ניט-יושרדיק עס איז, ווען איין מענטש לעבט פון אַנדערנס פראַצע. „דו בהמה", זאָג ער, „מעלק זיך און גיב מילך אויב דו ווילסט עסן". און „דו פערד, ווילסט קייען"? לויף הין און צוריק קיין בויבעריק אויף דאַטשע מיט מילכיקס און דו מענטש, להבדיל, ווילסט ברויט? גיי האָרעווע, מעלק בהמות, מאַך קעז און שלעפּ זיך אַלע טאָג קיין בויבעריק אויף דאַטשעס... בלייבט דאָך די קשיא, וואו שטייט עס געשריבן, אַז טוביה באַדאַרף האָרעווען פאַר זייערטוועגן, אויפ-שטיין באַגינען ווען גאָט שלאָפט נאָך. וואָס איז? די נגידים דאַרפן פונקט אינדערפרי אַ פריש שטיקל קעז און פוטער צו דער קאַווע? וואו שטייט עס געשריבן, אַז איך בין מחויב אויסגעריסן צו ווערן צוליב אַ שיטערן קרופּניק און זיי, די יעהופּעצער נגידים, באַדאַרפן אויסרוען די בייכער אויף דאַטשעס, מיט אַריינגטאָן קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער און עסן געבראָטענע קאָטשקעס.

שלום עליכמ׳ס באַרעדעוודיקייט שטאַמט פון זיין פאָלקסטימלעכקייט, זיין אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון פאָלקס־רייד איז געווען דאָס פאָלק. דער דאָזיקער קוואַל האָט געהאַלטן אין איין שטראָמען, וואָס מער האָט פון אים געשעפּט, אַלץ מער האָט ער געשטראָמט און געפלאָסן. שלום עליכם האָט ניט געדאַרפט אויסטראַכטן זיין מענטשן־מאַטעריאַל. ער האָט אים גענומען פון גרייטן. זיין אויג האָט בלויז געדאַרפט אַ קוק טאָן און זיין פּעדער איז פלינק געלאָפן אויפן פּאַפּיר.

שלום עליכם האָט ניט געוואוסט פון קיין שמיטה־יאָרן. ער האָט געקענט שרייבן תמיד און אומעטום. ער האָט אַמאָל געשריבן אין אַ בריוו צו די בטחון. טוביה איז אַ האָשעפּאַשניק. ער איז מקיים דעם פּסוק „בזיעת אפּיך

## נתן פאָדעמבערג

באַרימטע שרייבער חיים נחמן ביאַליק און ראַווניצקי: „מיר איז שווער איינ-צוהאַלטן מיין שרייבערישן שטראָם. איך מוז כסדר שרייבן. איך קאָן שרייבן אויף אַ לאָקשן-ברעט, אויף אַ טעצל מיט אַ סאַמאָוואַר, אויף אַ דנאָ פון אַ פעסל, אויף אַ טראַמוויי, אויף אַ קאַרעטע און וואו ניט?"

דער שלום עליכם אוצר שיינט אַרויס פון זיינע ווערק מיטן עטישן הומאַניזם, מיט ליבשאַפט צום פאָלקס־מענטשן און מיט בטחון און גלויבן. ער האָט געגלויבט אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען רשעות וועט פאַרשווינדן און אַ ברידערלעך לעבן וועט הערשן אויף דער וועלט.

שלום עליכם איז געווען און איז פאַרבליבן דער יידישער פאָלקס-שרייבער. ער וועט בלייבן כל־זמן עס וועלן זיין לייענער און ווי לאַנג עס וועט לעבן דאָס יידישע פאָלק.

# סאָציאַלע טרויער-מאָטיוון אין רייזענס שאַפן



פאַראַן שרייבער וואָס באַווייזן זיך אין דער ליטעראַטור ווי אַ מעטעאָר. זיי גיבן אַ שייַן, אַ בליץ, אויסגעלאָשן און פאַרגעסן עס זיינען אָבער פאַראַן שרייבער, וואָס דאָס פייער פון זייער שאַפן האַלט כסדר אָן, אויך נאָך זייער טויט לייענט מען זיי און מ'שרייבט וועגן זיי. אברהם רייזען איז איינער פון זיי.

געבוירן און דערצויגן אין אַ ליטעראַריש משכילישער משפחה, זיין פאָטער אַ שפּראַכן-קענער און וועלטלעכער מענטש, האָט דעם יונגן אברהמ'ען געלערנט העברעאיש, דייטש רוסיש, און איינגעפלאַנצט אין אים אַ ליבשאַפט צו דער רוסישער ליטעראַטור און אירע קלאַסיקער. זיין מוטער, אַ צאַרטע, געפילפולע און געבילדעטע פרוי, האָט פון איר זייט, איינגעפלאַנצט אין אים אַ ליבשאַפט און דרך ארץ צום מענטש. מיט אָט־דעם וואונדערלעכן פאַרמעגן — ליבשאַפט צו ליטעראַטור און צו מענטש — איז דער יונגער אברהמל אַרויס אין דער ברייטער און גרויסער וועלט.

זייער יונג האָט זיך דערוועקט אין אים אַ געפיל צו שרייבן לידער, און אין עלטער פון פערצן יאָר האָט ער שוין אָפּגעדרוקט זיינס אַ ליד אין י. ל. פּרץ'עס באַוואוסטן ליטעראַרישן זשורנאַל „די יידישע ביבליאָטעק". אָבער ערשט שפּעטער, אין מיליטער-דינסט, וואו ער האָט זיך באַקאַנט מיט דעם באַוואוסטן יידישן שרייבער א. וויטער, איז ער דורך אים דערמוטיקט געוואָרן צו שרייבן און ווען ער איז באַפרייט געוואָרן פון מיליטער-

## נתן פּאָדעמבערג

דינסט איז ער געפאָרן קיין וואַרשע מיט זיינע כתבים, וואָס ער האָט שפּעט אין די נעכט געשריבן אין קאַזאַרמע. ער האָט זיך געזען מיט פּרצ'ן, מיט שלום אַש'ן, מיט נאָמבערגן, און מיט אַנדערע יידישע שרייבער און איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ ליטעראַרישע סביבה.

דאָ, אין וואַרשע, האָט זיך אָנגעהויבן רייזענס בליענדיקער און אויפגייענדיקער פּעריאָד. די ליטעראַרישע סיבה וואָס האָט אים אַרומגערינגלט האָט אים דערמוטיקט און דערהויבן. אין 1900 האָט ער מיט דער הילף פון י. ל. פּרץ, שלום אַש און אַנדערע שרייבער אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט", וואָס פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט אין דער יידישער פּעריאָדיק. אין אָט-דעם זשורנאַל האָט ער דערקלערט זיין ליבשאַפט צו יידיש און איר באַדייטונג פאַר די יידישע מאַסן.

אין 1904 האָט ער פאַרלאָזן וואַרשע און איז אַרומגעפאָרן אין פאַרשיידענע לענדער אין אייראָפּע, און אין 1905 איז ער צוריקגעקומען קיין וואַרשע. נאָך דעם דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט ער ווידער געמאַכט אַ רייזע און אין 1918 איז ער צום ערשטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע. אין צוויי יאָר אַרום האָט ער זיך אומגעקערט קיין וואַרשע און דאָרט אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער און דערציילונגען. אין 1911 איז ער געפאָרן קיין אַמעריקע וואו ער איז שוין פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן.

רייזענס אויפשטייג אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז געקומען נאָך מענדעלען, פּרצ'ן און שלום עליכמ'ען, פאַלט צונויף מיטן אויפשטייג פונעם קאַמף קעגן צאַריזם. דער פּרואוו צו ליבעראַליזירן דאָס לעבן אין רוסלאַנד איז דעמאָלט בלוטיק דערשטיקט געוואָרן דורך קאַטאָרגע, סיביר און טויט-שטראָף און דורך די רדיפות אויף יידן און ווילדע אַנטיסעמיטישע אויסברוכן. די יידן האָבן געלעבט אין פּחד, אין אָרעמקייט און אין גרויסעליידן. אין אינערלעכן יידישן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן שפּאַלטן. עס איז אויפגעקומען אַ יידישער בורזשואַזער שיכט, אַ יידישער אַרבעטער-קלאַס, נאַצי-

## סאָציאַלע און טרויער־מאָטיוון אין רייזענס שאַפונג

אַנאַלע יידישע און ניט-יידישע באַוועגונגען אין וועלכע די יידישע און אינטעליגענץ און די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן. דער יידישער רעלי-גיעזער שיכט האָט אָנגעהויבן פאַרלירן די השפעה אויפן יידישן לעבן. דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף רייזענס געמיט און זיין שאַפן. ער האָט עס אָנגעהויבן אָפּשפּיגלען אין זיינע דערציילונגען און פּאָעזיע.

אברהם רייזען איז געווען געבענטשט מיט צוויי שעפערישע טאַלאַנטן: דיכטונג און פּראָזע. זיי זיינען כסדר געפלאָסן פון זיין פען. איין זשאַנר האָט ניט פאַררוקט דעם אַנדערן נאָר אים געהאָלפן דערגאַנצן און פאָל-קאָמער מאַכן זיין שאַפן. דאָס זעט מען פון זיינע העכער זיבן הונדערט לידער און הונדערטער דערציילונגען.

רייזען האָט ניט געשריבן קיין ראָמאַנען און גרעסערע נאָוועלן. ער האָט ניט אויסגעפּאַנטאַזירט קיין יחזקאל גאָמבינער ווי שלום אַש; ער האָט ניט אַריינגעבראַכט קיין גנבים, שלעגער, און די אונטערוועלט ווי אָפּאַ-טאָשו. רייזען האָט אויסגעדיכטעט דעם צער און ווייטיק פון אָרעמען ליטווישן יידן און אים געגעבן אַן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור. רייזענס הויפּט-מאָטיוון זיינען רחמים אויפן דערשלאָגענעם און געפּייניקטן. אין זיין גאַנצן שאַפן שטייט אין צענטער די יידישע אָרעמקייט פון זיין שטעטל קיידינאָוו, אין ווייס-רוסלאַנד. ער שילדערט דאָס לעבן רעאַל. ער ווייזט ניט אָן די סיבות פון דעם דלות, אָבער ווי ישעיהו הנביא טרייסט ער און באַזינגט דעם פרייען מענטשן.

רייזענס דערציילונגען קאָנען באַצייכנט ווערן ווי עטיודן, עפּיזאָדן. זיי זיינען געשריבן קורץ און קאָנדענסירט. ער פּירט מער אַרויס דעם יחיד ווי דעם כלל. דאָרט וואו עס פיגורירן עטלעכע מענטשן דינען זיי אים אויף אַרויסצובערענגען שאַרפער און בולטער דאָס ייחידישע. ער כאַפּט אויף אַ ברעקעלע פון אַ סיטואַציע, אַ קליינע געשעעניש אין לעבן פון אַ מענשן און שאַפט פון דעם אַ גאַנץ בילד. יעדע דערציילונג איז אַן אַנדער פּאָרטרעט, אַן אַנדער סיפּור-המעשה מיט אַן אַנדער האַנדלונג. עס איז אַ רעאַלע אָפּשפּיגלונג פון דער פּאַסירונג. זיינען דערציילונגען אָטעמען מיט וואַרעמקייט. ער האָט ליב די מענטשן, וועלכע ער שילדערט.

## נתן פאָדעמבערג

רייזען איז ניט אָנגעפּינטלט, ניט קאָמפּליצירט ווי פּרץ. ער איז פּשוט און פאָלקסטימלעך. ער פירט אַרויס דעם האַרעפּאַשניק, דעם סוחר, דעם ישיבה בחור ווי דעם משכיל און ווייזט זיי ווי זיי זיינען.

רייזענס מענטשן זיינען דערשלאָגענע, אומבאַהאָלפענע און מיט שוואַכע כאַראַקטערן. זיי לעבצן נאָך עפּעס, וואָס זיי קאָנען ניט דערגרייכן. זיי בענקען און טרוימען פון אַ בעסער לעבן. זיי לעבן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און מיט אילוזיעס.

דאָס מיידל אין „דער מאַמעס פעדערן" קומט קיין אַמעריקע. עס גייען אַוועק יאָרן, אַלע אירע שיף־שוועסטער האָבן שוין חתונה געהאַט, נאָר זי איז געבליבן אַליין. איר איינציקע טרייסט איז אַ פּערענע, וואָס איר מאַמע האָט איר מיטגעגעבן. יעדער ריר פון קישן וועקט אויף אין איר פאַרשיידענע איבערלעבונגען. ווען זי לייגט איבער די פעדערן פון דער אַלטער און דער נייער ציך, צעפליען זיי זיך איבערן צימער. אַ סך פעדערן פאַלן איר אין פייכטן און פאַרוויינטן פּנים. זיי קלעפּן זיך צו איר הויט. איר דאַכט זיך, אַז זיי זיינען הענט פון לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס גלעטן זי און טרייסטן...

רייזענס דערציילונגען זיינען דורכגעוועבט מיט טיף־פיינלעכע און עמאָציאָנעלע אויפרודערונגען. ער פירט אַריין דעם לייענער אין די געהיימע און סודות'דיקע ווינקעלעך פון דער מענטשלעכער נשמה. אין דער מייסטער-האַפטער דערציילונג „דער בוים," ווערט געשילדערט דאָס געמיט פון אַן אָרעמען יידישן שניידער, וואָס האָט גע'ירש'נ'ט אַ שטוב און אַ וואַקסנדיקן בוים. חיים-יאַנקל, דער שניידער, האָט זייער ליב צו קוקן אויפן בוים און הערן דעם גערויש פון בוימ'ס צווייגן און בלעטער דאָס צוויטשען פון די פייגעלעך. אין אַזעלכע מאָמענטן פאַרמאַכט ער זיינע אויגן און קלערט פון „עפּעס העכערס ווי שער און אייזן". מער פון אַלץ האָט דער שניידער ליב די זומערדיקע שבתים ווען יידן קומען צום בוים, רוען אין זיין שאָטן, און בעת מעשה רעדן זיי וועגן תורה. נאָר איין חסרון האָט דער בוים געהאַט עס זיינען אויף אים געוואַקסן פּירות און קינדער פלעגן זיי רייסן.

## סאָציאַלע און טרויער־מאָטיוון אין רייזענס שאַפן

חיימען האָט ניט פאַרדראָסן וואָס די קינדער רייסן די פרוכט, נאָר דאָס וואָס בעת׳ן רייסן ברעכן זיי אָפּ די צווייגן און ער פלעגט זיך יאָגן נאָך די קינדער. חיים איז עלטער געוואָרן. דער בוים איז פאַרטריקנט געוואָרן, איינגעבויגן געוואָרן און זיינע צווייגן האָבן גענומען אָפּדאַרן. דער שניידער האָט געפילט אַז דער בוים שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיט אים.

פאַראַן דערציילונגען ביי רייזענען, וואו די מענטשן זיינען באַלאַדן מיט פאַרביטערונג אין יסורים. זיי קאָנען ניט באַהערשן אַ סיטואַציע. זייער לעבן איז אַ שטענדיקער געראנגל זיי קאָנען ניט טראָגן די שווערע משא און פאַלן אונטער איר לאַסט. דער „משכיל" אין דער דערציילונג „פלאַקס" האָט ניט קיין מיטלען אויף צו שפייזן זיין פאַמיליע. ער הויבט אָן צו האַנדלען מיט פלאַקס. דער איינציקער הורטאָוונער פאַקס-סוחר אין שטאָט וויל אים געבן אַ קליינעם פרייז פאַר זיין סחורה אַז ער מוז פאַרלירן זיין סחורה און זיין געבאָרגט געלט. פון גרויס פאַרצווייפלונג פאַרברענט ער דעם פלאַקס.

רייזען האָט אויך פאַרמענטשלעכט די נאַטור. „דער ווינט בלאָזט, ער מישט אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט אַזוי ווי אַ גרויסער למדן („ספרים")".

אין דער פּראָזע האָט רייזען בלויז אָפּגעשפּיגלט דאָס אָרעמע יידישע לעבן אין דער ליטע. אין זיינע לידער האָט ער אַריינגעבראַכט סאָציאַלע און וועלטלעכע מאָטיוון.

צוויי שאַרפע און סתירות׳דיקע מאָטיוון קלינגען אין רייזענס דיכטונג: טרויער און פרייד, גלויבן און יאוש, בטחון און צווייפל. ביי אים קלאָגט די מאַמע ווייל אין הויז איז ענג. אַכט מענטשן דאַרפן שלאָפן אין איין בעט, אָבער אין קבר ליגט מען איינער אַליין:

א גערינד זאלבע אכט
און בעטן נאר צוויי.
און קומט אן די נאַכט
וואו שלאָפן דאן זיי?

## נתן פאַדעמבערג

דריי מיטן טאָטן,
מען דאַרף זיך אויסבעטן,
און דריי מיט דער מאַמען.
הענטלעך און פיסלעך
געפלאָכטן צוזאַמען.
און קומט אָן די נאַכט
דאַן הויבט אָן די מוטער
דעם טויט אויף זיך בעטן.
עס איז ניט קיין וואונדער,
זי מייט מיט אַן אמת,
אויך ענג איז אין קבר
דאָך ליגט מען באַזונדער

רייזען האָט געיאָמערט וואָס מען דאַרף אויסקגעבן די כוחות פאַר אַ שטיקל ברויט:

„אָרימעס לעבן, נאָר שטענדיק זיך מאַטערן,
שטענדיק צו לעבן אין נויט.
ווערן ווערט עס ניט פאַרלאָשן,
זופנדיק טרוקענעס ברויט".
כוחות די יונגע, די פרישע, צו פטרן,

ער האָט פאַרגליכן די צעבראָכענע אַלטע שטוב צו אַ קבר און די מענטשן דאָרט צו מתים אין זיין ליד „נאַכט און קאַלט".

נאַכט און קאַלט, דאָס קליינע שטיבל,
קוקט ווי אַ גרויסער קבר אויס.
און דאָס אָרימע געזינדל,
קען פון דאָרטן ניט אַרויס".

רייזען האָט גערופן משיח'ן, ער זאָל קומען אויסלייזן די וועלט פון הונגער, נויט, הפקרות, פחד און טויט אין זיין ליד „אָ, גיכער משיח".

## סאָציאַלע און טרויער־מאָטיוון אין רייזענס שאַפן

„אָ, גיכער משיח, אָ, גיכער שוין קום!
עס רינגלט די גאַנצע וועלט שוין אַרום
ווי גיפטיקע שלאַנגען דער הונגער און נויט
און הפקר און פּחד, און אַנגסטן און טויט".

אָבער פּאַראַלעל מיט די לידער, הערט מען אין זיין דיכטונג קרעפטיקע און בטחונ׳דיקע מאָטיוון, וואָס דערהויבן דעם דערשלאָגענעם.

רייזען האָט אויך געזונגען פון מענטשלעכער עקשנות, אַנטשלאָסנקייט און אומבויגעוודיקייט. אין זיין ליד „די וואַנט" —

די אויגן פיל צאָרן פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט.
מיר שטייען ביי אַ הויכער געמויערטער וואַנט,
מיט העק און האַמערס און אייזנס אין האַנט.
מיר וועלן צעברעכן די אייזערנע וואַנט!"

און דער דיכטער, וואָס האָט געוויינט און געיאָמערט אין זיין ליד „לעבן ווילט זיך", "און און האָט פאַרגליכן דאָס אומגליקלעכע לעבן —

„צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפט,
ברענען האָט עס ניט קיין קראַפט".

האָט פּלוצים געקראָגן כוח, גבורה און שטורמיש געדונערט אויף די קירכן־גלאָקן, וואָס דינען די יעזואיטן ווי עשאַפאָטן, צו קעפּן אויף זיי דענקער און מאַרטירער. ער האָט אויפגעהאָנגען אַ נייעם גלאָק „ניט צו שרעקן, נאָר צו וועקן, די וועלט אין אַלע עקן", און ער זינגט מוטיק און פריילעך און שאַלט: שטייט צום לעבן אויף!"

אַזוי האָבן רייזענס לידער פאַרקלונגען די טרויעריקע און יאושדיקע און זיינען געוועזן ווי אַן עמוד הענן, ווי אַן עמוד האש פאַר די דערשלאָגענע

## נתן פאָדעמבערג

מענטשן. ער האָט ניט געזונגען פון אייגענעם טרויער, און פרייד, נאָר האָט פאַראייניקט טרויער און פרייד פון מין מענטש. דאָס איז דער כוח פון זיין פּאָעזיע. דערפאַר האָט רייזען זוכה געווען צו ווערן אַ פאָלקס דיכטער.

רייזענס לידער ווערן געזונגען און דעקלאַמירט, ווייל זיי האָבן אַריינגעשפּילט אין געמיט פון פאָלק, דערפאַר האָט ער זוכה געווען מער פון אַ סך דיכטער זיין פּאָעזיע זאָל בלייבן אין אונדזער רייכן פאָלקס אוצר.

# לאמעד שאַפּירא



**לאַמעד שאַפּירא** איז געבוירן געוואָרן אין 1874, אין רעזישטשעוו, קיעווער גובערניע. צו דריי יאָר האָט ער אָנגעהויבן גיין אין חדר.

זיין שאַפונגס-פּראָצעס — אַ לאַנגזאַמער, אַ שטופּנווייזער, אַ פּע-ריאָדישער, האָט געדויערט אַרום 45 יאָר, און ער האָט איבערגעלאָזט אַ זייער קליינע ירושה. זי באַשטייט פון קוים פיר ביכער: „די יידישע מלוכה" „ניו יאָרקיש" (דערציילונגען), „פון קרבן מנחה" (אַרום פּופּצן לידער), „דער שרייבער גייט אין חדר" (עסייען) און קאַפּיטלען פון פאַרשיידענע שאַ-פונגען וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָך זיין טויט, אונטער נאָמען „כתבים" אָבער לאַמעד שאַפּירא איז אַריין אין היכל פון דער יידישער לי-טעראַטור ניט לויטן קליינעם כמות איבערגעלאָזטע ווערק נאָר לויט דער איכות פון זיין שאַפן און לויט זיין עטישער און קינסטלערישער באַציאונג צום יידישן וואָרט.

ל. שאַפּירא האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג און איז געווען זייער פרום. נאָר ער האָט שוין אָנגעהויבן ספק'ן אין רעליגיע אַלס קינד און געוואָלט איבעררייסן מיט זיין פרומער סביבה. אין זיין „די פאַמיליע בער" שילדערט דער שרייבער דעם אינערלעכן געראַנגל וואָס האָט זיך אָפּ-געשפּיגלט אין זיין יונגער נשמה, און די פּיין וואָס זיינע עלטערן האָבן איבער-געלעבט, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז זייער בן יחידל — לייבעלע — איז געוואָרן אַן אַפּיקורס.

## נתן פאָדעמבערג

צו אַכט יאָר האָט זיך ביי אים דערוועקט אַ געפיל צו שרייבן. ער האָט געשריבן אויף העברעאיש, רוסיש און יידיש. ער האָט געפילט אינסטינקטיוו אַז ער איז געצויגט צו דער שרייב-קונסט. אין 1896 האָט ער באַזוכט י. ל. פרצן און מיט אים גערעדט וועגן מצב פון דער יידישער ליטעראַטור און איר אויפבלי אין יענער צייט. ער האָט זיך נאָך דעמאָלט באַצויגן סקעפּטיש צו פרצעס מיינונג וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ ליטעראַטור אויף יידיש.

אין זשורנאַל „יידישע קולטור (צום דרייסיק יאָריקן יובל פון י. ל. פּרץ (1945, נומער 3) דערציילט שאַפּירא וועגן זיין טרעפן זיך מיט פרצן און וועגן מצב פון דער ליטעראַטור: מענדעלע איז דעמאָלט געווען דער פאַרוואַלטער פון אַ תלמוד תורה אין אָדעס, שלום עליכם האָט גע׳מנחם־מענדל׳ט אין קיעוו. פּרץ און ספּעקטאָר האָבן געוואוינט אין וואַרשע. דער עולם האָט וועגן זיי אַלע ווייניק געהערט. דוד פּינסקי האָט דאַן שטודירט אין בערלין, אַברהם רייזען האָט געדינט אין מיליטער און געשפּילט אין אַ מוזיקאַנסקער קאָמאַנדע. עס איז נאָך ניט געווען קיין יידישע פּרעסע. די העברעאישע צייטונג „הצפירה״ פלעגט קריגן צוגעצאָלט פון אירע שרייבער...

ווען ער האָט זיך אָבער צום צווייטן מאָל געטראָפן מיט פּרצן און האָט שוין אָנגעטראָפן יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען, יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ יידישן בוך, האָט ער אָפּגעמאַכט צו ווערן אַ יידישער שרייבער.

איידער ער האָט אָנגעהויבן שרייבן, דערציילט שאַפּיראַ אין זיין בוך „דער שרייבער גייט אין חדר״, האָט ער געאַרבעט איבער זיך. ער האָט געלערנט יידישע גראַמאַטיק סינטאַקסיס, עטימאָלאָגיע און אַנדערע נויטיקע קענגנשטאַנדן. ער האָט געריניקט זיין יידיש לשון פון די סלאַוויזמען, וואָס פאַרנומען אַ גרויסן אָרט אין דער יידישער שפּראַך. ער איז געזעסן טאָג און נאַכט און האָט שטודירט ביז ער האָט דערוואָרבן דעם סכום קענטעניש וואָס ער האָט געדאַרפט ביים שטעלן זיינע ערשטע שרייבערישע טריט. ער האָט זיך פון אָנהויב אָן געשטעלט אַ ציל: „ניט שרייבן צוליב שרייבן״, נאָר שרייבן צוליב אַ באַשטימטער אידייע. ניט ווי אַזוי צו שרייבן ,נאָר ווי אַזוי ניט צו שרייבן.

# לאַמעד שאַפּירא

די צוויי מאָטיוון זיינען געווען די געטרייע שומרים וואָס האָבן גע־וואַכט איבערן וואָרט-קינסטלער. זיי זיינען אים נאָכגעגאַנגען און אַכטונג געגעבן, אים געהיט, ער זאָל ניט געשטרויכלט ווערן און ביי זיין יעדן שריט אים דערמאָנט „ווי אַזוי ניט צו שרייבן" און דאָס איז שוין געוואָרן אַ מין כראָנישע מחלה אין זיין קינסטלערישן אָרגאַניזם.

שאַפּירא איז צוגעגאַנגען צום שרייב-טיש ווי אַן אַמאָליקער סופר צום שרייבן אַ ספר־תורה: מיט אַ גרויסער מאָראַלישער אחריות צו דעם יידישן געשריבענעם וואָרט. דאָס שרייבן איז ביי אים געווען אַ הייליקע עבודה. ער האָט גענומען די פּען אין האַנט נאָר דעמאָלט ווען עס איז אין אים געווען אַן אינערלעכער דראַנג, ווען האָט געהאַט אַ נשמה-איבערלעבונג אָדער אַ רירנדיקן איינדרוק פון אַ געשעעניש, אַן איבערלעבונג; ווען די שרייבערשע „ווייען" האָבן אים אָנגעהויבן שפּאַרן, ווי אַ צייטיק באַשעפעניש, וואָס רייסט זיך צו דער ליכטיקער וועלט, — האָט ער געשריבן. דערפאַר איז זיין ליטעראַרישן שאַפן אַזוי שפּאָרזאַם, אַזוי ווייניק אין כמות, אין צאָל, אָבער וואָגיק אין איכות, אין קוואַליטעט.

לאַמעד שאַפּירא איז פון די אָריגינעלסטע שרייבער אין דער ליטעראַטור. ער האָט ניט געשריבן קיין ראָמאַנען, און די וואָס ער האָט אָנגעהויבן האָט ער ניט פאַרענדיקט, ווייל ס'האָט אים געפעלט די געלאַסנקייט, די מנוחה כדי צו שאַפן אַ ברייט-פאַרנעמיק ווערק. ער איז געווען צו דינאַמיש אויף צו מאָלן מיט אַ ברייטער האַנט טיפן און געשטאַלטן. ער איז אויך צו סוביעק־טיוו אין זיין שאַפן. ער איז דערפאַר געבליבן דער שרייבער פון דער קורצער דערציילונג, ווי ער אַליין זאָגט אין זיין דערמאָנט בוח:

„מיר איז אויסגעקומען שרייבן אויך פּובליציסטיק, קריטיק, האָב אויך געשריבן עטלעכע לידער, נאָר מיין אייגנטלעכער זשאַנר, האָב איך אַלעמאָל געהאַלטן, איז די סטיכישע שילדערונג, די דינאַמישע דערציילונג".

לאַמעד שאַפּירא האָט אין קורצע דערציילונגען אויסגעהאַמערט גרויסע ווערק, געמאָלן שטאַרקע, אויפטרייסלנדיקע מענטשלעכע קאָנפליקטן אין געציילטע פּאַראַגראַפן. ווי אַ סקולפּטאָר האָט ער אויסגעפורעמט זיין העלד

# לאַמעד שאַפּיראָ

ש כ נ אָ אין דער דערציילונג „דער קוש". שכנא איז ניט אַזאַ ווי ער איז געווען, נאָר אַזאַ ווי דער קינסטלער האָט געוואָלט ער זאָל זיין, אַזאַ וואָס האָט לויטן מייסטער געדאַרפט רעאַגירן אין געוויסע מאָמענטן אויף געוויסע געשעענישן. שכנא איז ניט באַ ש ר י ב ן נאָר ער איז באַשאַפן. עס איז ניט קיין פאָטאָגראַפיע פון זיין אויסערלעכן אויסזען, נאָר אויפטרייסלנדיקע אָפּשפּיגלונגען פון זיינע איבערלעכע איבערלעבנישן. ער האָט אַרויסגע־בראַכט דאָס באַהאַלטענע און פאַרבאָרגענע, זיינע נשמה-ראַנגלענישן צווישן לעבן און טויט, ווירדע און געפאַלנקייט. דאָס האָט געגעבן דעם העלד אידייע און ציל: די אייגשאַפט איז דאָ כמעט אין אַלע פּאָגראָם-דערציילונגען פון ל. שאַפּירא, פון וועלכע „דער קוש" איז די צענטראַלסטע.

„ביי רב שכנא'ן האָבן זיך געטרייסט הענט און פיס. אין מויל איז ביי אים געווען אומדערטרעגלעך ביטער. ער איז געזעסן אויף אַ שטול. ער האָט געהערט די ווילדע קולות פון גאַס, די פייפעריי און דאָס קליינגען פון צע־בראָכענע שויבן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַלץ קנאַקט, שרייט און קלינגט אינעווייניק ביי אים אין קאָפּ. דער גערויש פון פּאָגראָם האָט זיך אַלעמאָל דערנעענטערט און אַמאָל דערווייטערט. די פענצטער האָבן געגומען קנאַקן. שטיינער זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין עס-צימער און מיט אַמאָל, דורך דער טיר און דורכן פענצטער, האָבן אָנגעהויבן קריכן גויים, מייסטנס יונגע שקצים, מיט שטעקנס, מיט מעסערס. שיכורע מיט רויטע פנימער".

ניט נאָר האָט שאַפּירא אין אַ דריי-זייטלדיקער דערציילונג, אין אַ קליינער ראַם אַריינגעפּאַסט אַזאַ קאָלאָסאַל בילד, נאָר ער האָט געשאַפן אַן אויסגעצייכנטן און שטאַלצן מענטשן. לאַמעד שאַפּירא האָט געקאָנט אַריינברענגען אין דער דערציילונג דעם מאָטיוו, אַז „לעבן איז שטאַרקער פון אַלעם". שכנא וואָלט אַ קוש-געטאָן דעם ווילדן פּאָגראָמשטשיק, וואַסי-לענקאָ, און וואָלט געראַטעוועט זיין לעבן. אים איז אָבער געווען פריקרע און דערווידער תחנונים'דיקייט און געפאַלנקייט. ווען דער פּאָגראָמשטשיק האָט אויסגעצויגן זיין האַנט צו שכנא'ן, ער זאָל אים געבן בלויז אַ קוש וועט ער אים שענקען זיין לעבן, האָט זיך שכנא דערפון אָפּגעטרייסלט, לויט

## לאַמעד שאַפּירא

שאַפּיראָס באַפּעל. ער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן די ברוטאַלע אינסטינקטן פון וואַסילענקאָ׳ן. און ווען יענער האָט דערפאַר באַשטראָפט שכנא׳ן מיט אַ קוש טאָן זיין שווייסיקן און פאַרעיפּושדיקן פּוס, האָט שכנא אָנגעהויבן אַראָפּשלעפּן אים דעם שטיוול. וואַסילענקאָ האָט בשעת מעשה זיגרייך געשמייכלט. אים האָט זיך אַויסגעוויזן, אַז ער האָט געבראָכן דעם שטאָלץ פון זיין קרבן. פלוצים האָבן זיך שכנאס ציין איינגעביסן אין די פינגער פון זיין פוס. „שכנא גריזשעט די פינגער מיט אַ גוואַלדיקן כוח. דער פּאָגראָמ־שטשיק קוויטשעט ווי אַ חזיר״. מען שלאָגט שכנאן. מען רייסט זיין באָרד. מען שטעכט אים אין די אויגן. מע זעט שוין ניט קיין צורה פון שכנאס פּנים. „שכנאס ציין מיטן שטיק פוס צווישן זיי, זיינען אויסגעשטשירעט ווי ביי אַ געהאָנגענעם וואָלף. אָבער ער האָט דעם פּאָגראָמשטשיקס פוס ניט אַרויסגעלאָזט פון מויל״.

און שאַפּירא ענדיקט די דערציילונג מיט דעם וואונדערלעכן בילד:

„אין גאַס האָט געבושעוועט די פּאָגראָם־מהומה און צווישן די פאַר־געליבטע מינע. אין זיין דערציילונג „שפוך חמתך״ שטעלט זיך אַ ייד פון אַ לעבעדיקן וואָס האָט געגאָסס׳ט ביים טויטן שכנא׳ן אין די ציין״.

אויך אין „דער צלם״ שילדערט שאַפּירא פּאָגראָמשטשיקעס וואָס רייסן זיך אַריין אין אַ יידישער שטוב שניידן אויס אַ צלם אויפן שטערן ביי אַ יונגן בחור און פאַרגוואַלטיקן זיין מוטער פאַר אים אין די אויגן. ער נעמט „נקמה פון די גויים״; ער פאַרגוואַלדיקט און הרג׳עט זיין ניט-יידישע געליבטע מינע. אין זיין דערציילונג „שפוך חמתך״ שטעלט זיך אַ ייד קעגן די רויבער, וואָס רייסן זיך אַריין צו אים פּסח ביינאַכט צום סדר. — אָט־די אַלע גרויזאַמע און מורא׳דיקע איבערלעבונגען פון יידן, ווערן געגעבן אין קרעפטיקע און לעבעדיקע בילדער דורך לאַמד שאַפּיראָס פאַנטאַזיע און שעפערישער אינטואיציע, ווייל ער איז קיינמאָל ניט געווען אין די שטעט און האָט אַליין ניט דורכגעלעבט קיין פּאָגראָם. „מיר דעם צוקונפטיקן ׳פּאָג־ראָמשטיק׳ — האָט שאַפּירא געזאָגט זיין ביאָגראַף ש. מילער — איז ניט באַשערט געווען איבערצולעבן אַ פּאָגראָם״. פאַר אים, דעם גרויסן מייסטער איז גענוג געווען אַ קלאַנג פון אַ פּאַסירונג, ערגעץ-וואו טויזנטער מיילן ווייט

## נתן פאַדעמבערג

און ער האָט זיך איבערגעטראָגן אַהין און גשאַפן מייסטערישע בילדער.

אין די פּאַגראַם-דערציילונגען האָט שאַפּירא געהאַט איין ציל: „עין תחת עין“ (אַן אויג פאַר אַן אויג!) און די קינסטלערישע פּאָגראָם-מעשות האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס אין דער יידישער ליטעראַטור אין יענער צייט. דר. זשיטלאָווסקי אין זיינע אַרטיקלען אין „ניי-לעבן“ האָט געהאַלטן אַז די פּאָגראָם-דערציילונגען זיינען ניט גענוג קינסטלעריש, אַז עס איז אַ מוח-שרייבעריי, צייט געשעענישן און כראָניק. דער סימבאָל פון צלם, האָט זשיטלאָווסקי געהאַלטן, איז אַן אַרויפגעצוואונגענער, אַן אויס־געטראַכטער.

אין שאַפּיראס זעל איז אַנגעגאַנגען אַ מין „ויתרוצצו“, אַ געראַנגל. צוויי כוחות האָבן זיך געראַנגלט אין זיין נשמה: איינע האָט געשריען: שרייב! אין די אַנדערע האָט געזאָגט: „ביסט ניט מחויב צו שרייבן“. איינע האָט גע-זאָגט: „שרייבן איז אַ חוב, אַ וועקסל, און דו מוזט אים צאָלן“, די אַנדערע האָט גע׳טענה׳ט :„וואַרט! דער שאַפונגס-פּראָצעס איז ביי דיר נאָך ניט גענוג רייף!. ל. שאַפּירא האָט זיך אַ נעם געטאָן אויסצוגעפינען ווי אַזוי מען דאַרף שרייבן.

דער „אני מאַמין“ פון זיין טיף-פאַרטראַכטן, ליטעראַטור-קריטישן ביכל „דער שרייבער גייט אין חדר“, אין אים איז דאָ די שטרענגקייט צו זיך, די גרויסע שרייבערישע אחריות. ער האָט זיך געשטעלט גרויסע פאָדערונגען און זיי האָבן אים געהיט ווי געטרייע שומרים ער זאָל חלילה ניט גע-שטרויכלט ווערן און ניט עובר זיין אויף דעם „ווי אַזוי מען דאַרף שרייבן“. אַ שרייבער דאַרף אויך קאָנען ניט שרייבן — האָט ער געזאָגט.

„איך בין חושד, אַז דער שרייבערישער ׳שד׳ איז ניט עפּעס אַנדערש, ווי די גלוסטעניש צו זיין ביים עולם אין אויג“, אַלץ מער האָט דאָס געהאַמע־וועט זיין שרייבערישע אינטואיציע און אַלץ גרעסערע שרייבערישע הפסקות האָט ער געמאַכט. ער האָט געהאַט אַ סך פאַרטראַכטע ליטעראַרישע פּלענער, אָבער זיי זיינען געבליבן ביי אים אין מוח. ער האָט געלאָזן אַ סך אָנגעהויבענע שאַפונגען אויף זיין שרייב-טיש. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן געשריבע-נעם וואָרט אזוי געוועזן ביי אים הייליק. דער איבערלעכער קינסטלערישער

## לאַמעד שאַפּיראָ

ברויז, דער רירנדיקער איינדרוק פון אַ געשעעניש, די נשמה-ראַנגלעניש פון אַן איבערלעבונג; ווען די שרייבערישע „ווייען" האָבן אים אָנגעהויבן שפּאַרן ווי אַ צייטיק-געוואָרענע באַשעפעניש, וואָס שפּאַרט זיך צו דער ליכטיקער וועלט. דעריבער איז ער געווען אַזוי שפּאָרזאַם און דערפאַר האָט ער געלאָזן אַ ליטעראַרישע ירושה, וואָס איז ווייניק אין כמות און גרויס אין איכות.

לאַמעד שאַפּיראָ האָט ניט געשריבן קיין ראָמאַנען. די געציילטע, וואָס ער האָט אָנגעהויבן האָט ער ניט פאַרענדיקט. עס האָט אים געפעלט די רואיקייט צו שאַפן אַ גרויס ווערק. ער איז געווען צו דינאַמיש און צו סוביעקטיוו אין זיין שאַפן. ער איז דעריבער געבליבן דער מייסטער פון דער קורצער דערציילונג. ער זאָגט אין זיין דערמאָנטן בוך „דער שרייבער גייט אין חדר": „מיר איז אויסגעקומען שרייבן אויך פּובליציסטיק, קריטיק און אויך דרוקן עטלעכע לידער. נאָר מיין אייגנטלעכער זשאַנר, האָב איך אַלעמאָל געהאַלטן איז די סטיכישע שילדערונג און די דינאַמישע דערציילונג".

לאַמעד שאַפּירא האָט אין די קורצע דערציילונגען אויסגעהאַמערט גרויסע ווערק. ער האָט געמאָלטן שטאַרקע אויפטרייסלענדיקע מענטשלעכע קאָנפליקטן. ער האָט אוסגעפורעמט זיין העלד שכנא ווי אַ סקולפּטור.

„די יידישע שפּראַך איז מיין שענסטע געליבטע", האָט ער געשריבן, „זי האָט מיר אָפּגעטאָן כישוף". אָבער ער האָט זי געלאָזט שטיין „כעני בפתח" און זי ניט אַריינגעלאָזן אין זיין שאַפונגס-היכל. שאַפּירא איז געווען איינער פון די אויסגעצייכנטע סטיליסטן. ער האָט געהאַט אַ סך שרייבער תלמידים וואָס האָבן באַרייכערט די ליטעראַטור מיט הונדערטער און אפשר טויזנטער דערציילונגען, אָבער דער רבי אַליין האָט איבערגעלאָזט אַ קליינע ירושה. זיין רייכן שעפערישן קוואַל האָט ער אַליין געלאָזט אויסוועפּן.

דר. א. מוקדוני האָט געשריבן אַז ל. שאַפּירא איז געווען די טראַגישע געשטאַלט אין אונדזער ליטעראַטור. „ער איז געווען אַ גרויסער שריפטשטעלער וואָס האָט ווייניק געשריבן. ער איז געווען דער עטישסטער שרייבער צווישן אונדז, ממש אַ שרייבער אַ צדיק. ער איז געווען אַזוי פרום, אַז ער האָט מורא געהאַט ער וועט פאַרשוועכן דאָס שרייבן". זיין ביאָגראַף ש. מילער

## נתן פּאַדעמבערג

האָט געשריבן אין אַריינפּיר צו ד י„כתבים“, וואָס ער האָט רעאַגירט נאָך שאַפּיראָס טויט, אַז ער פּלעגט צושטיין צו שאַפּיראָן, ער זאָל שרייבן, נאָר ער האָט געענטפערט: „זאָגט דער מאַדאַם די יידישע ליטעראַטור, אַז לאַמעד שאַפּיראָ האָט אָנגעזעצט, האָט באַנקראָטירט. איך קאָן ניט שרייבן. אין קאָפּ האָב איך אַ ראָמאַן, אָבער וואָס טויג מיר דער קאָפּ, אַז קיין ׳הינטן״ איז ניטאָ״, און ער האָט דערביי אָנגעוויזן אויף זיין קראַנקן, אויסגעצערטן גוף. עס זיינען אָבער געווען נאָך סיבות וואָס האָבן גורם געווען שאַפּירא זאָל ווייניק שרייבן. ער האָט געליטן פון אַ סך אַנטוישונגען. ער האָט פרי, אין זיין יוגנט פאַרלאָזן די עלטערן, געוואָרן אַ לערער און ניט באַגליקט. נאָכדעם האָט ער מיטגעאַרבעט אין וואַרשע און אין לאָנדאָן אין אַרבעטער צייטונגען. אין אַמעריקע האָט ער אַ צייט געהאַלטן אַ רעסטאָראַן יין שי־קאַגאָ, אין ניו יאָרק האָט ער געהאַט אַ בוכהאַנדלונג. שפּעטער האָבן פאַר אים זיינע פריינט געזוכט פּרנסה אין קליוולאַנד און לאָס אנדזשעלעס. ער האָט געאַרבעט אויף דער דערפינדונג פון אַ קאָלירטן פילם. אַ טראַגעדיע האָט ער איבערגעלעבט ווען איז אים געשטאָרבן זיין געטרייע פרוי. טראַגיש האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לעבן פון דעם גרויסן יידישן וואָרט-קינסטלער און דער עטיש־שרייבערישער פּערזענלעכקייט — ל אָ מ ע ד ש אַ פּ יי ר אָ.

# משה לייב האַלפּערן – אַ טראַגישע געשטאַלט

עס זיינען פאַראַן שרייבער, וואָס קלעטערן צו זייער ליטעראַרישער הויך מדרגות'וויַיז, פון שטאַפּל צו שטאַפּל. עס נעמט צייט ביז זיי הויבן אָן אַרויסוויַיזן בפועל זייערע פּאָטענציעלע שרייבערישע כוחות און זייערע טאַלאַנטן. פאַראַן ווידער שרייבער, וואָס וויַיזן זייער שרייבערשן כוח ביי זייערע ערשטע שרייבערישע טריט. אַזאַ איז געווען דער אייגנאַרטיקער דיכטער משה לייב האַלפּערן.



„עס איז ניט אייער ליד, עס איז גוט פאַר אַן אָנפאַנגער" האָט דער רעדאַקטאָר פון „לעמבערגער טאַגעבלאַט" אים געזאָגט, אָבער ביים אָנפאַנגער האָט שוין דאַן געבריזט אַ שפּרודלדיקער פּאָעטישער קוואַל, יאָרן איידער ער האָט אָפּגעשיקט זיין ערשט ליד צום דרוק. זיינע לידער האָבן באַלד פאַראינטערעגירט דעם ליטעראַטור-קריטיקער און פאַראינטערעסירן דעם בעסערן לייענער עד היום, ביזן היינטיקן טאָג.

משה לייב איז געווען אַ בונטאַר, אַ רעבעלישע נאַטור. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגן דער גאַנצער רשעות פון מענטש און וועלט. פאַר זיינע טראַדיציעס און אויך קעגן דער רשעות פון מענטש און וועלט. פאַר זיינע אויגן זיינען געשטאַנען די פערזאָניפיצירטע בלוטיקע שונאים פון זיין שטעטל: שייע הילעלס, וואָס האָט ווי אַ „חזיר אין זאַק פאַרקויפט די זון מיט איר שיין", דער פראַצענטניק ראַפּאַפּאָרט,וואָס „גייט אין שול אַריין מיט זיין גראָבן בויך", זיין האַרצלאָזער זיידע, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט די „בעבעכעס" פון זיינע עלטערן פאַר ניט צאָלן אים קיין דירה-געלט און

## משה לייב האַלפּערן

געשלאָגן דעם אייניקל פאַר גנבֿ'ענען אַ הערינג, ווען דאָס קינד איז קוים אַלט געווען פינף יאָר. משה לייב האָט געהאַסט דעם „גוי", וואָס האָט „געשאַרפט" די האַק" אויפן יידישן שכן: ס'האָט אים געשטאָכן די בליקן פון דער ווינער אינטעליגענץ, מיט וועלכע ער האָט פאַרבראַכט זיינע יונגע יאָרן. וואָס מער ער האָט זיי געזען אין זיין דמיון, אַלץ מער האָט ער געצאָרנט און אַלץ בייסיקער איז געוואָרן זיין פען, אַלץ גליאיקער דאָס פייער און אַלץ מער האָט עס געהאָלפן אָנשאַרפן זיין דיכטערישן „חלף".

משה לייב האַלפּערן איז אריין אין דער געפּעכט-אַרענע מיט אַן אָנגעלאָדענער שנאה, מיט דער גאַנצער קראַפט, אַן מיטלייד און איינזעעניש. דורך זיין באַשאַפענעם העלד „זרחי" האָט ער אָנגעהויבן די מלחמה. א בת-קול האָט גערופן:

„משה לייב! איך דער הימל וויל שלום מיט דיר,
און דו בויגסט דעם קאָפּ צו דער פינצטערער ערד,
אַזוי ווי דו וואָלסט מיין רוף ניט געהערט.
ווי אַ פויגל, וואָס איז ווי ידי וועלט אַזוי גרויס,
שפּרייט איך מיין גאָלדענע ליכטיקייט אויס!
און דו? ווי אַ גאָלדענע פליג אונטער מיר,
ווילסט אַרויס פון דער וועלט און דו זוכסט אַ טיר.
און דו זעסט ניט אַז דיין ליכטיקייט טרויערט,
אפילו די חיה, די בייזע, וואָס לויערט,
אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, וואָס געדויערט,
פון זונענאויפגאַנג, ביז זונענאונטערגאַנג".

זרחי (משה לייב) האָט ניט שלום געמאַכט, ניט מוחל געווען. ער האָט געהאַמערט אין אַלץ, וואָס איז „ווי אַ נבלה אַ שטיק", און וואָס עס איז אים געקומען אין האַנט האָט ער געוואָרפן אין פּנים אַריין. „פּייַשמעקער", האָבן אים גערופן דער „דיכטער פון גראָבע רייד", אים האָט עס ניט געאַרט. ער האָט די רייד ניט גענוצט ווי אַ פּראָטעסט קעגן „שיין-שרייבעריי", נאָר ווי אַ רעפלעקטאָר אויף באַלייכטן מענטש און וועלט.

## נתן פאָדעמבערג

משה לייב האַלפּערן איז געווען אַ פּיל-געשטאַלטיקע, אָפּט אַ ווידער־שפּרעכנדיקע פּערזענלעכקייט, אַ פּעאַנאַמען מיט שאַרפע סתירות און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיין שאַפן. ער איז געווען שטורמיש און איינג־האַלטן, צאַרט און ברוטאַל, ראָמאַנטיקער און רעאַליסט. ער האָט פאַרשאָלטן אין זיך די בענקשאַפט צו זיין היימשטאָט זלאָטשעוו און אין דער זעלבער צייט ווען ער האָט דערזען אַ מענטש פון זיין שטאָט, האָבן זיינע אויגן געגלאַנצט פון פרייד, און עס האָט זיך דערוועקט אין אים אַ נאָסטאַלגיע נאָך איינמאָל צו זען די גאַס, די באָד און אפילו דעם הקדש און דעם „גוי". מיט דער שאַרף פון אַ מעסער האָט ער געשניטן זלאָטשעוו און מיט אַ האַמער האָט ער געזעצט אין זיין נייער היים — ניו יאָרק.

ער האָט באַוואונדערט דעם מעכטיקן כוח פון דער מאָדערנער ציווי־ליזאַציע און געבענקט נאָכן פּרימיטיוון. ער האָט געחלומט פון אַן עטיש־הומאַנער וועלט אָבער דעם „גוי" האָט ער אויסגעשלאָסן און געשיפּעט אויפן יידישן מיידל, וואָס האָט זיך מיט אים באַהאָפּטן. די סתירות זיינען מיטגע־גאַנגען מיט אים פון זיין פּאָעטישן אָנהויב־אָן. וואָס מער ער האָט זיך גע־ראַנגלט מיט זיי, אַלץ מער האָט ער געזוכט זיך צו באַפרייען פון זיי, און אַלץ ווינציקער כוח האָט ער געהאַט זיי צו צוימען. די סתירות האָבן זיך פאַרמערט און זיי האָבן אים געהאָלפן אַריינקוקן אין די פאַרבאָרגענע קע־מערלעך פון זיין אייגענעם געמיט און פאַרטיפן זיין פּאָעזיע.

שאַרפער ווי אין זיינע אַנדערע לידער זעט מ. ל. האַלפּערן אין זיין קרעפטיקער און טיף-לירישער פּאָעמע „מיין אומרו פון אַ וואָלף". דאָרט האָט ער זיך דערגרונטעוועט צו די באַהאַלטענע ווינקלען פון זיין צעווייטיק־טער נשמה. מיר זעען זיינע ראַנגלענישן, איבערלעבונגען ,טראַכטענישן, זיין פאַרוואונדעטן געמיט, זיין פילאָסאָפיע, וואָס איז דער סך-הכל פון זיין שטורמישן און געפייניקטן לעבן.

„מיין אומרו פון אַ וואָלף און פון אַ בער מיין רו.
די ווילדקייט שרייט אין מיר, די לאַנגווייל הערט זיך צו.
איך בין אַ רעטעניש וואָס מאַטערט זיך אַליין,

## משה לייב האַלפּערן

אַ פלינקער ווי דער ווינט, געבונדן צו אַ שטיין,
איך בין די זומער־זון, און בין די ווינטער־קעלט.
איך בין דער רייכער פראַנט, וואָס וואַרפט זיך מיט גאָלדן געלט.
איך בין דער יונג וואָס שפּאַנט, דאָס היטל אויף אַ זייט
און גנבֿ'עט פייפנדיק, ביי זיך אַליין די צייט.
איך בין דער פידל, אויך דאָס פּייקל און דער באַס,
פון אַלע קלעזמער דריי, וואָס שפּילן אויפן גאַס,
איך בין דער קינדער־טאַנץ, און ביים לבֿנה־שיין
בין איך דער נאַר, וואָס בענקט אין בלויען לאַנד אַריין.
אַז איך גיי פאַרביי אַן איינגעהאַלטן הויז,
בין איך די פּוסטקייט אויך, וואָס קומט פון דאָרט אַרויס,
אַצינד בין איך אַ ליכט, אַ יאָרצייט ליכט וואָס ברענט
אַן איבעריק בילד. אַן אַלטס. אויף גרוי פאַרשטויבטע ווענט.
אַצינד בין איך דאָס האַרץ, דער אומעט אין אַ בליק.
וואָס האָט געבענקט נאָך מיר, מיט הונדערט יאָר צוריק.
אַצינד בין איך די נאַכט, וואָס הייסט מיר ווערן מיך
דער שווערער נאַכט־טומאַן, דאָס שטילע אָוונט־ליד.
דער שטערן איבער מיר, דאָרט אויוון אין דער הויך.
דאָס רוישן פון אַ בוים, אַ גלאָקן־קלאַנג. אַ רויך.

**משה לייב איז געווען אַ דיכטער פון גאָר גרויסן פאַרנעם, אַ פּאָעט מיט אַ טיפער, פּאָעטישער אינטואיציע, מיט אַ שאַרף־דורכדרינגעד אויג און מיט אַן אומאויסשעפּלעכן דיכטערישן קוואַל. ער איז כסדר גע־פּלאָסן, געברויזט און געשפּריצט מיט פייער ווי אַ לאַווע. „ער איז געווען בלויז ליד", שרייבט וועגן אים דער ליטעראַטור־קריטיקער ב. ריווקין. זיין דיכטערישע גבורה ליגט אין זיין רייכן מעטאַפאָר, אין בילדלעכער שאַרפקייט און אין שפּרודלדיקן לשון. דער דריילינג איז געווען די בריק אויף וועלכער ער האָט געשפּרייזט, די קאַנווע אויף וועלכער ער האָט געמאָלן און די פאַרב וואָס ער האָט גענוצט. זיינע לידער זיינען דורכגעוועבט מיט אַן אייגנאַרטיקן**

## נתן פאַדעמבערג

האַלפּערישן ליריזם שאַרפער סאַרקאַזם, פאָלקס-מעשה, דערציילערישקייט און די לידער זיינען באַהויכט מי טפּאַעטישער אינטעגריטעט. די באַלאַדע „אברהם דער קצב״.

כאָטש ער האָט פאַרטריבן צו שפּעט,
דעם קלעזמער-יונג פון טאָכטערס בעט,
האָט אברהם דעם קצב דאָס ניט געאַרט,
און ער האָט זיך טאַקע איינגעשפּאַרט,
אַזוי ווי פאַר דער יאַטקע אַ ביק,
וואָס דערשמעקט דאָס בלוט און שלעפּט צוריק.

הקיעת-כף, ניט פאַר גאָלד אַ באַרג,
און דעם זעץ מיט דער פויסט אין שפּיגל אַריין.
האָט עדות געזאָגט, ס׳וועט דיקער אַזוי זיין,
אַזוי וויל ער, אַזוי איז געשען״.

האַלפּערנס וועלט איז געווען אַ טראַגישע, אַ פּאַרוואָלקנטע. זי איז אים געשטאַנען ווי „אַ ביין אין האַלדז״, ער וואָלט זי דערטרונקען אין „אַ לעפל וואַסער״. אין זיין דיכטונג איז ניטאָ קיין ביסל גראָז, קיין פּיצל הימל און קיין שטיקל זון. די וועלט זעט אויס אין זיינע אויגן ווי אַ „באַוואָבראַניעץ אין באָד״. זי אים פרעמד ווי דער „רויך אין קוימען״, שרייבט ער אין אַ ליד. און דאָרט וואו עס ווייזט זיך אַ שטיקל זון-שטראַל, וואָלט ער דאָס פאַרשטעלט מיט אַ וואָלקן, אָדער מיט „קראָפּעווע״. אין דער דאָזיקער וועלט, גייט אָן אַ „געיעג נאָך געלט. עס ווערט פון בלוט און אייזן געאַכט, פון בלוט און אייזן בייטאָג און ביינאַכט״. דער דיכטער האָט עס ניט געקאָנט פאַרליידן. ער האָט דעריבער אָנגעשטעלט זיין גאַנצן דיכטערישן כלי-זיין אויף איר. ער טיילט איין די וועלט צווישן דריי ברידער: איינער האָט די זון, דער צווייטער די לבנה און דער דריטער — די פינצטערניש (שיר השירים).

משה לייב איז געווען אַ סאָציאַלער דיכטער, אָבער אָן אַן אויסגעשפּראָכן-

## משה לייב האַלפּערן

קלאָרער אידעאָלאָגיע. ער האָט געוואָלט צעברעכן די „אַלטע וועלט" און געשפּאָט און גע׳חוזק׳ט פון דער „נייער וועלט". זיין שאַרפן סאַרקאַזם האָט ער אָנגעשטעלט אויפן סוחר, וואָס שרייט, אַז ער איז דער באַלעבאָס פון דער וועלט, אויפן אַרבעטער, וואָס וויל פון ראָטשילדס טיש אַריינשאַרן צו זיך אין מויל דאָס פלייש און דעם וויין; אויפן קעניגס טראָן, ווען מען דאַרף צו-האַלטן די באַק ווען אַ צאָן טוט אים וויי און ווען מען לערנט אויף אַ האַרף, „אַ קרעכץ טאָן ווען מען דאַרף".

„דער מענטש", זאָגט משה לייב, פאַרמיסטיקט דאָס שטיקל ערד, וואָס מען האָט אים געטרויט. ער פאַרבייט דאָס אייזן אויף אַ שווערד. דער מענטש וויל דאָס ליכט אויסנאַרן ביים טאָג צו געבן אַ פאַלשן וואָג. די ירושה פון פריערדיקע דורות ריכט אין אונדזערע אָדערן. דורות וועלן פאַרגיין ביז עס וועט אויפקומען אַ נייער מענטש. דער משיח-גולם, וואָס וועט קומען, וועט ניט זיין בעסער פון דעם מענטשן מיט וועלכן מיר לעבן, ווייל ער וועט מיט-שלעפּן דאָס אַלטע אין דער „נייער וועלט".

זיינע צייט-חברים, די „יונגע", מאַני לייב, משה דילאָן און אַנדערע, האָבן געהאַלטן, אַז ווען מען וויזט אַ שיין ליד, דערהויבט עס און דער-מוטיקט, וועקט גלויבן און בטחון און דערשלאָגט און אַטראָפירט דאָס מיאוסע און דעגענערירטע. משה לייב האָט געגלויבט, אַז דיכטונג דאַרף ניט זיין קיין אויסגעחלומטע וועלט, אַ מין לירישער אויסגוס, מען דאַרף וויזן דאָס אמתע לעבן, דעם מענטשן אין זיינע נידעריקסטע אינסטינקטן. האַלפּערן האָט זיך אַ סך מאָל געראַנגלט קעגן זיין אָנגענומענער דיכטערישער קאָנצעפּציע. ער האָט געקעמפט מיט זיך. ער האָט געוואָלט באַזינגען דאָס שיינע, נאָר זיין דיכטערישער געפיל האָט געטריבן זיין פעדער אויף אַנדערע וועגן.

און וויפל איך ראַנגל זיך אַליין,
צו זען נאָר דאָס, וואָס איז ריין און שיין.
אַזוי ווי אַ פאַרפוילטע נבלה אַ שטיק,
וואָס וואַרט אויף דער זון צו ווערן שפּייז
פאַר ווערים און פליגן און מייז".

אין זיין ליד „דאָס האָב איך גערעדט צו מיין אייניצקן זון, ביים שפּיל מער צו קיינעם ניט", זאָגט דער דיכטער צו זיין איין-איינציקן זון אייזיקל, „אַז דיין אויער איז אַ וואָנט דערוויילן און איך פאַר דיר אַ הונט, וואָס האַווקעט אויף אַ מייל, נאָר איך האָב דיך ליב, איך וויל, אַז דו זאָלסט דאָ אַ קינד אויך האָדעווען ווען איך בין ניטאָ". ער האָט געוואָלט איינפּלאַנצן אין זיין קינד הומאַניסטישע אידעען, דער עיקר דעם „לאַ תרצח", די שווערד פון שייד אַרויס, אפילו ווען זי שיצט, וויל שעכטן בלויז.

די רעאַליסטישע זעאונגען, וואָס משה־לייב האָט געהאָדעוועט אין זיין דיכטערישן אַנהויב, זיינען שפּעטער געוואָרן די טעמאַטיק פון זיין שאַפן. באַזונדערס, ווען דער פאַשיזם האָט גענומען שפּרייטן זיין נעץ אויף דער פרידלעכער באַפעלקערונג פון אייראָפּע און געצילט אומברענגען דאָס יידישע פאָלק. האַלפּערן האָט אין זיין קרוין ווערק „די נאַכט", געזען דעם אָנקומענדיקן חורבן. זיין דיכטערישע וויזיע האָט אימאַויסגעמאָלן משונה'דיקע בילדער, פאַנטאַסטישע געשטאַלטן, וואָס „וואָגלען פאַרלוירן און שטום, אין עולם התוהו אַרום". ער האָט געזען מענטשן, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פון די בערג אין ברענענדיקע הייזער. זיי ווערן אַרומגעכאַפּט פון פייער, די ערד שפּאַלט זיך און קברים עפענען זיך. מען רייסט בערד, קינדער דרייען זיך אַרום און מען שניידט די הויט פון די לייבער. פאַר אַזאַ וועלט האָט ער זיך געשראָקן. די פיין האָט זיך כסדר פאַרשטאַרקט און געגריזשעט זיין האַרץ. „ווי אַ וואָלף אַ שאָף,, אַזוי האָט מיר אויפגעגעסן מיין אייגענע גריבלעניש", זאָגט ער. „מיין לעבן איז אַ וואונד וואָס מען זעט ניט. אַ וואונד אין דער וועלט איינגעקאָרבט". (באַנד 2)

משה לייב דער בעל־כּוח האָט ניט געקאָנט בייקומען די משונהדיקע וועלט, דעם תוהו ובוהו, וואָס ער האָט באַשאַפן אין זיין פּאָעמע „די נאַכט". די כוחות זיינען אים אויסגעגאַנגען. דער דיכטערישער קוואַל האָט אָבער נאָך געבריזעט נאָר שוין ניט אַזוי עקספּלאָדירנדיק ווי פריער. ער האָט זיך אַליין פאַרפּלאָנטערט אין דעם פּלאָנטער וואָס ער האָט געוואָלט אויפּפּלאָנטערן. ער נאָך געקלאַפּט מיט אַ פויסט, אָבער עס איז געווען דער קלאַפּ פון אַ באַזיגטן, פון אַ גוסס, וואָס ראַנגלט זיך מיטן לעבן. ער האָט געעפנט זיינע אויגן,

## נתן פּאָדעמבערג

געוויזן אַז ער לעבט, אַז די נשמה איז נאָך דאָ, אָבער די אויגן-אַפּלען האָבן ניט געקאָנט זיין צו לאַנג אָפן. זיין דונערדיקע מעכטיקע שטים האָט שוין ניט געווירקט. זיין ביטערניש איז געוואָרן נאָך שטאַרקער און עס איז אים שוין געוואָרן אַ חרפּה צו לעבן. ער האָט אפילו ניט געוואָלט מען זאָל וויסן, אַז ער האָט אַמאָל געלעבט, געוואָלט עס זאָל פון אים ניט בלייבן קיין זכר, ער האָט זיך געוואונטשן: —

צעפאַלן אויף גראָז און שטיין,
פאַרטיליקן דעם לעצטן צייכן דאָ,
פון דעם וואָס איז שוין מער ניטאָ.
זאָל בלייבן בלויז אַ טרוים פון שרעק,
פון דעם, וואָס איז דאָ געווען און איז אַוועק.
מיר האָט דאָ קיינער ניט געזען,
איך בין דאָ קיינמאָל ניט געווען".

משה לייבס פּאָעזיע איז דורכגעוועבט מיט חכמה, שאַרפזין, מיט ריטם און אַפאָריזמען. ער האָט אַריינגעבראַכט נייע פאָרמען אין דער דיכטונג און אין זיין טעמאַטיק איז ער געווען אַ פאָראויסגייער פון אַ נייער שול. פינף און דרייסיק יאָר נאָך זיין טויט און זיין אָרט האָט דערוויל קיינער ניט פאַר-נומען. זיינע לידער האָבן נאָך איצט דעם גלי, געגנוג צו וואַרעמען דורות.

# חיים זשיטלאָווסקי – דער מאָדערנער תנא



## דר. חיים זשיטלאָווסקי

קאָן פאַררעכנט ווערן אַלס דער תנא אָדער אמורא, דער פילאָסאָף פון דעם לעצטן פערטל פונעם נײַנצנטן יאָר־הונדערט. אים איז באַשערט געווען צו ווערן דער באַגרינדער און בויער סאָציאַליסטישער אידעע. אַלס אַכצן יאָריק יינגל איז ער שוין פאַררעכנט געוואָרן ווי איינער פון די טעאָרעטי־קער פון דער רוסישער פאָלקס־באַוועגונג „נאַראָדניאַיאַ וואָליא". ווען ער איז אַלס פופצן־יאָריק יינגל גע־קומען פון זיין געבוירן־שטאָט ווי־טעבסק אין דער גרויס־רוסישער שטאָט טולא און איז איבערגעגאַנגען פון יידיש אויף רוסיש.

ער איז אַריינגעטראָטן אין דער רוסישער גימנאַזיע און געלעבט אין אַ רוסישער סביבה. ער האָט אָנגעהויבן לייענען די רוסישע קלאַסיקער און האָט איינגעזאַפּט די עטישע אידעען פון די רוסיש־ליבעראַלע שרייבער. אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אויך באַקאַנט מיט די סאָציאַליטיש־אוטאָפּישע אידעען פון די מערב־איראָפּייאישע דענקער ראָבער אוען, סען סימאָן און אַנד.

ער איז באַלד אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רוסיש־ראַדיקאַלע קרייזן און האָט אָנגעהויבן פּריידיקן צווישן דער רוסישער יוגנט די רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא".

די רוסישע סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט און די ווירקונג פון די שרייבער אויף אים איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיין יידיש־טראַדיציאָנעלע דערציאונג האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהובן אויסוועפּן. דער גמרא־פּילפּול

וועגן אַזעלכע פֿראַגן: „אַן אָקס האָט געשטויסן אַ קו״ און „אַ הון האָט געלייגט אַן איי אום יום־טובֿ״, האָט ער באַטראַכט פֿאַר אַבסורד און אומזין. ער האָט ביסלעכווייז פֿאַרלאָרן דעם טראַדיציאָנעל פֿרומען לעבנס־שטייגער פֿון זיינע עלטערן און זיך אַלץ מער רעדווייטערט פֿון יידישן לעבן. ער האָט געביטן זיין יידישן נאָמען אויף „יעפֿים״ און זיינע עלטערן האָבן אפֿילו פֿאַרלוירן די האָפֿנונג, אַז זייער זון וועט פֿאַרבלייבן אַ ייד ווי זיי האָבן געוואָלט. (מיינע זכרונות, י

צוויי הויפּט־מאָטיוון האָבן גורם געווען זשיטלאָווסקי זאָל אָנהויבן ווירקן אויף דער פּאָליטישער אַרענע פֿון צאַרישן רוסלאַנד: א) דער געראַנגל פֿון די רוסישע פֿאָלקס־מאַסן קעגן דער צאַרישער זעלבסט־הערשאַפֿט און ב) דער טראַגישער און רעכטלאָזער מצבֿ פֿון די יידן.

אין דער צייט ווען אין מערבֿ־אייראָפּע האָבן יידן זיך דערוואָרבן בירגערלעכע פֿרייהייטן און מען האָט זיי אויפֿגעהערט באַטראַכטן ווי אַ רעליגיעזע סעקטע; זיי זיינען אַרויס פֿון די געטאָס און די רדיפֿות אויף יידן זיינען אין מערבֿ געוואָרן שוואַכער, האָט זיך דער אַנטיסעמיטיזם אין צאַרישן רוסלאַנד פֿאַרשטאַרקט; פֿעריאָדישע פּאָגראָמען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן. מען האָט פֿאַרשפּרייט בלבולים, איינגעפֿירט דעם תחום המושבֿ און די פּראָצענט־נאָרמע פֿאַר יידישע סטודענטן, מען האָט די יידן געטריבן פֿון די דערפֿער און דורכגעפֿירט נאָך אַסך אויסנאַם־געזעצן.

אויך די לאַגע פֿון די רוסישע פֿאָלקס־מאַסן איז געווען אומדערטרעגלעך. דאָס האָט גורם געווען אַז דער רעוואָלוציאָנערער אויפֿברויז איז כּסדר געשטיגן און רוסלאַנד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביים שיידוועג פֿון גרויסע געשעענישן.

זשיטלאָווסקיס עטיש־סאָציאַליסטישע פּערזענלעכקייט האָט אים גע־שטויסן זיך אָנצושליסן אין דער „גלות״־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (יידישער נאָמען פֿון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ). ס׳איז אים באַשערט געווען צו זיין איינער פֿון די, וואָס העלפֿן קערעווען די געשעענישן אויפֿן וועג פֿון אַל־מענטשלעכן יושר און פֿרייהייט פֿאַרן רוסישן פֿאָלק און אויך אויסקעמפֿן רעכט פֿאַר יידן.

זיין הויפט־פּראָבלעם איז אָבער געווען: ווי גלידערט מען איין אין דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פונעם רוסישן פאָלק אויך די נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן? — ווי אַזוי זאָל מען ריכטן דעם יידישן קאַמף עס זאָל ניט גיין להיפוך דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור? — אויף וואָס פאַר אַ באַזע איז מעגלעך יידיש לעבן אין רוסלאַנד? צי זאָל מען וואַרטן ביז דער סאָציאַליזם וועט לייזן די יידן־פראַגע, אָדער זאָל מען אָנפירן אַ קאַמף פאַר באַלדיקע יידישע רעכט?

איין טייל פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ האָט געהאַלטן, אַז נאָר אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג קאָן פאַרזיכערן די רעכט פון יעדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, בתוכם אויך די יידן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער ייד איז ניט קיין פּראָדוקטיווער עלעמענט, אַז ער איז אַ טייל פון בורזשואַזן קלאַס; אַז סיי דאָס יידישע פאָלק און אוודאי די יידישע אינטעליגענץ לעבן אויפן חשבון פון די רוסישע פאָלקס־מאַסן. זיי האָבן דעריבער גערופן די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן זיך צו פאַראייניקן קעגן בורזשואַזן קלאַס פון וועלכער נאַציאָנאַליטעט ער זאָל ניט זיין. זיי זיינען געווען אַזוי פאַנאַטיש, אַז זיי האָבן געגלויבט, אַז פּאָגראָמען זיינען אַ מיטל אין קאַמף צו דערגרייכן דעם ציל.

אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, ווייל קיין פּראָלעטאַריש־מאַרקסיסטישע פּאַרטיי איז נאָך דאַן ניט געווען. די פויערים נאָכן אָפּשאַפן פון לייב־אייגנטום (פּאַנשטשינע) זיינען געווען אַנאַלפאַבעטן, אומוויסנדיק, און האָבן געהאַלטן אַז מען דאַרף זיך באַנוצן מיט טעראָריסטישע מיטלען.

ווי אַ סך גלות־סאָציאַליסטן האָט אויך זשיטלאָווסקי געהאַלטן, אַז עס איז ניט יושר׳דיק צו קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון יידישן פאָלק, בעת דאָס רוסישע פאָלק איז נאָך פאַרשקלאַפט. ער האָט געהאַלטן, אַז מען טאָר ניט איבערלאָזן דאָס רוסישע פאָלק אַליין אין זיין קאַמף קעגן דער רוסישער זעלבסט־הערשאַפט און קעמפן פאַר אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט.

אין אַ בראָשור „יעווריי עק יעווריעים“ (אַ ייד צו יידן) אונטערן נאָמען י. כאַשין, דערקלערט ער די טעאָריע פון דער מעסיקער גלות־סאָציאַליסטן־גרופּע. ער אנארקענט ,אַז יידן זיינען אַ פאָלק, ווי אַלע פעלקער; אַז אַסימי־

לאַציע איז אַזאַ צרה, אָבער זי איז ניט אַזאַ סכנה זי זאָל קאָנען דערפירן צו נאַציאָנאַלן אומקום. ער גלויבט, אַז צווישן ייד און מענטש איז פאַראַן אַ טיפער תהום, ווייל וואָס מענטש אייגער איז, אַלץ ווייניקער ייד איז ער. וואָס ווייניקער מען טראַכט וועגן דער יידישער לאַגע און וואָס מער וועגן אַלגעמיינעם מענטשלעכן פּראָגרעס, אַלץ העכער שטייגט מען אויפן לייטער פון הומאַניזם.

דער ייד דאַרף זיין אַ רוסישער סציאַליסט, איניזיגען האָבן רוסישע אינטערעסן. אויף דער יידישער אינטעליגענץ איז ניטאָ קיין ברעקל התחייבות לגבי אייגענעם פאָלק, וואָס באַשטייט אין תוך פון אַ בורזשואַזן, הענדלערישן קלאַס (מיין אני־מאמין, ז. 3״2־300).

כדי צו באַשטעטיקן די טעזע האָט זשיטלאָווסקי גענומען צו הילף סטאַטיסטיק וועגן יידישע פּרנסות פון פאַרשיידענע סטאַטיסטיקער אין אייראָפּע און אַנגעוויזן אויף די ווילדע בעסטיאַלישע פאַרפאָלגונגען אויף יידן, און זיי בעמען זיך פון דעם, וואָס אַ גרויסער פּראָצענט יידן באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל אין אומפּראָדוקטיווע לייכטע פּרנסות.

וואָס מער אַ פאָלק איז אינדוסטריעל אַנטוויקלט, אַלץ מער פּלאַץ איז אין אים דאָ פאַר גרינגע ניט־פּראָדוקטיווע פּרנסות און דערפאַר וועט דער ייד נאָך מער אַריינגעצויגן ווערן אין די פּרנסות און וועט פאַרשטאַרקן דעם אַנטיסעמיטיזם. אַ פאָלק, וואָס שפּייזט זיך פון דער האָרעוואַניע פון די פעלקער צווישן וועלכע ער לעבט, שאַפט די צענטראַלע אַקס אַרום וועלכע דער אַנטיסעמיטיזם דרייט זיך (ייד און וועלט, ז. 259).

עס איז מערקווירדיק, וואָס אין די אַכציקער יאָרן, ווען זשיטלאָווסקי האָט שוין איינגעזען די פאַלשקייט פון זיין איינשטעל, און ווען עס איז שוין פאַר אים געווען קלאָר, אַז יידן זיינען אַ פאָלק וואָס האָט אַן אייגענע שפּראַך און קולטור — האָט ער נאָך אַלץ געהאַט פאָראורטיילן וועגן יידן.

„איך מוז זיך מודה זיין, אַז אין דער צייט פון מיין 'קאָסמאָפּאָליטיזם' בין איך זיך אויך בעסער ניט באַגאַנגען. מיין באַציאונג צום עבר פון יידישן פאָלק איז דאַן געווען די זעלבע ווי פון איצטיקע קאָסמאָפּאָליטן. די פּיצלעך און ברעקלעך פון דער אַלטער יידישער קולטור, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט אין מיין מוח, זיינען געווען פאַר מיר, ווי פאַרן רוב פון מיין דור און מיין

ריכטונג ניט מער ווי מאַטעריאַל פאַר שאַרפזיניקע וויצן" (ייד און מענטש ז.113)…..

די שטאָט טולאָ האָט זשיטלאָווסקין אַריינגעפירט אין דער אַלגעמיינער סביבה, און די זעלבע טולאָ האָט אים צוריקגעפירט צו דער יידישער. אויך די שרעקלעכע רדיפות אויף יידן מצד דעם צאַריזם און די חובבי ציון באַוועגונג אין זיין היים שטאָט ווי אויך די אַנטוישונג אין זיין פּאַרטיי האָבן אין אים אַנטוויקלט נאַציאָנאַל־יידישן באַוואוסטזיין.

זשיטלאָווסקי איז דער עיקר געווען אַן עטישע פּערזענלעכקייט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלן אַלע פעלקער לעבן ווי ברידער און קיין פאָלק וועט ניט פאַרלירן זיין נאַציאָנאַלן איינגאַרט. עס איז דעריבער פאַר אים געווען קלאָר, אַז יעדע אונטערדריקונג פון פאָלק איז קעגן די אינטערעסן פון סאָציאַליזם און אַז אַ רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי, וואָס האַלט אַז יידן זיינען פּאַראַזיטן און וואָס באַרעכטיקט פּאָגראָמען — אַזאַ פאַרטיי קאָן ניט גאַראַנטירן קיין נאַציאָנאַלע פרייהייט.

ער איז דערפאַר געקומען צו דער הנחה, אַז כדי אַ פאָלק זאָל זיך קאָנען אויסלעבן נאַציאָנאַל, מוז ער האָבן אַן אייגענע טעריטאָריעלע מלוכה.

אין 1885 האָט זשיטלאָווסקי געמאַכט אַן אָנהויב אַרויפצוגיין אויפן נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן וועג. ער האָט צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום צו דער „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ" אין וועלכן ער האָט פאָרגעשלאָגן צו גרינדען אַן אָפּטיילונג פון אַ יידיש־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „תשועת ישראל".

די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, מערסטנס אַסימילירטע זיינען געווען קעגן באַטראַכטן יידן ווי אַ באַזונדער פאָלק מיט אַן אייגענער שפּראַך און קולטור. זשיטלאָווסקי האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון די אַסימילאַטאָרן און זיך געווידמעט בעל פה און בכתב דער „תשועת ישראל"־אידעע.

„איך האָב געגומען איינזען מיין טעות", האָט ער געשריבן. און ער האָט געזופן די יידישע אינטעליגענץ אָפּצושאַצן די ווערטן פון יידישן גייסטיקן קוואַל און וויפיל דער קוואַל „קאָן שטילן אונדזער דאָרשט נאָך אמת, יושר און שיינקייט. מיר טאָרן ניט לאָזן פאַרפאַלן גיין קיין איין שורה פון אונדזער גייסטיקן רייכטום" (דאָרטן ז. 118).

## נתן פאָדעמבערג

זשיטלאָווסקי האָט דאַן אָנגעהויבן פאַרגעטערן דעם תלמוד, תנך און די אַלטע יידישע ספרים אין וועלכע ער האָט געפונען עטישע אידעען און גרויס הומאַניזם. די געדאַנקען פון די אידישע גאונים און זייער פּאָעטישע שפּראַך, וואָס האָבן באַרייכערט דאָס יידישע לעבן, האָבן אים באַגייסטערט.

זשיטלאָווסקי האָט געזוכט דעם סינטעז צווישן יידישן נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, און האָט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז אַ סאָציאַליסטישע מלוכה קאָן לייזן דיייִדן־פּראָגע. אין זיין עסיי „ייד און מענטש" שרייבט ער:

„יעדער איינער מוז געהערן צו אַ וועלכן ס׳איז פאָלק, צי ער וויל אָדער ניט. מען קאָן ניט זיין נאַציאָנאַללאָז. אַ פאָלק איז אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט אין משך פון דורות געלעבט אין אַ בשותפות׳דיקער קולטורעלער אַט־מאָספערע און האָט דעריבער אויסגעאַרבעט אין זיין גוף און נשמה געוויסע סימנים, וואָס שיידן זיך אָפּ פון אַנדערע מענטשלעכע גרופּן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט זייערע אייגענע סימנים, וואָס זיינען אַנדערש פון אַנדערע פעלקער. אַ פאָלק איז אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם וואָס זיצט ביי זיין שטול און וועבט זיין אַלגעמיין־מענטשלעכע קולטור און זיין נאַציאָנאַלע שפּראַך און אייגענעם נוסח" (ייד און מענטש, ז. 86).

זשיטלאָווסקי האָט געהאַלטן אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף קריגן זיין רעכט אויף נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט און מען טאָר אים ניט צווינגען אויפצוגעבן זיין קיום. אַ פאָלק קאָן אָבער פּראָגרעסירן נאָר ווען ער שטייט אין ענגן קאָנטאַקט מיט אַנדערע פעלקער און קולטורן. דאָס איז גילטיק פאַר אַלע פעלקער און אויך פאַר יידן.

ער האָט באַגרינדעט דעם געדאַנק מיט דער הנחה, אַז יעדער מענטש פון אַ באַשטימט פאָלק נעמט מיט אומעטום די שפּראַך, מנהגים געוואוינהייטן און טראַדיציעס. און כאָטש דאָס פאָלק איז אַרומגערינגלט מיט אַ פרעמדער קולטור, פונדעסטוועגן לעבט עס זיין אייגן לעבן. דער בעסטער ביישפּיל איז דער אימיגראַנט אין אַמעריקע. ער וואוינט אין אַ לאַנד דורות און האָט ניט פאַרלוירן זיין נאַציאָנאַלן אייגנאַרט. ניט ווייל אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט טיילט זיך אָפּ פון אַרום לעבט עס. עס זיינען דאָך פאַראַן פעלקער וואָס זיינען

### חיים זשיטלאָווסקי — דער מאָדערנער תנא

ענלעך אין שפּראַך, רעליגיע און אַנדערע אַטריבוטן ,ווי למשל די סלאַווישע פעלקער ,די לאַטיין־אַמעריקאַנער, ענגלאַנד און אַמעריקע — דאָך מישן זיי זיך ניט אויס.

זשיטלאָווסקי האָט אויך באַגרינדעט די נויטיקייט פאַר יידן צו האָבן אַן אייגנע טעריטאָריע, וואו עס זאָל לעבן ווי אַ פריי פאָלק מיט אַן אייגענער שפּראַך און קולטור. די יידישע פאָלקס־מאַסן, די יידישע אינטעליגענץ, האָט ער געהאַלטן דאַרף זיך באַציען צו זיין יידישער שפּראַך, ווי דע ררוס צו דער רוסישער, דער פראַנצויז צו דער פראַנצויזישער, ווי אַלע פעלקער צו זייערע שפּראַכן. ער האָט ניט אָפּגעטיילט דעם יידן פון מענטשן און האָט דערמיט אונטערשטראָכן די נויטיקייט פון דערציען, לערנען און בילדן דעם יחיד, ווייל וואָס מער מענטש — מער ייד.

ער האָט געוואָרפן די שאַרפסטע פיילן אויף די קאָסמאָפּאָליטן ; זיי האָלטער פאַר די ערגסטע אַסימיליטאָרן. זיי פאַרלייקענען זייער נאַציאָנאַלן אייגנאַרט און מאַכן דאָס פאָלק קולטורעל אָרעם. עס איז געננוי ווי אַ סימפאָניע וואָס האָט בלויז איין מוזיקאַלישן אינסטרומענט אָדער אַ בוקעט פון איין איין סאָרט בלומען־קאָליר.

אַ נייע געזעלשאַפט איז ניט אויסן אָפּצושאַפן אַלע פעלקער אָדער זיי צונויפקנעטן אין איין שטיק טייג, איין לאַבן, וואָס הייסט — מענטשהייט. ער האָט דערפאַר אויך אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק אַז מען קאָן בויען יידישע קולטור אויף אַ פרעמדער שפּראַך. אַזאַ קולטור פירט צו אַסימילאַציע, האָט ער געהאַלטן.

אין דער זעלבער צייט, וואָס זשיטלאָווסקי איז אַרויסגעקומען מיט זיין טעאָריע, אַז די הויפּט־באַזן פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן קיום זיינען : מלוכה און יידיש אַלס פאָלקס־שפּראַך, האָבן, אַ צאָל יידישע פערזענלעכקייטן באַ־קעמפט דעם געדאַנק. משה לייב לילענבלום האָט געהאַלטן אַז דאָס יידישע פּראָבלעם קאָן געלזט ווערן נאָר אין ארץ־ישראל מיט העברעאיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך. אויך זיי האָבן אָנגעוויזן אויף דער ניט־נאָרמאַלקייט פון יידן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט מסחר און באַוואוינען די גרויסע שטעט און

## נתן פאָדעמבערג

אויף די גרויסע שטראָמען פון אַסימילאַציע און אויף דער געפאַר פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס וואַקסט אויפן באָדן פון גלות. דער איינציקער אויסוועג, האָבן זיי געהאַלטן איז אַ יידישע מלוכה אין אַרץ ישראל.

דער דענקער דר. לעאָן פינסקער האָט אין יענער צייט געמאַכט אַ רושם מיט זיין ביכל „אויטאָאַמענסיפּאַציאָן" אין וועלכן ער האָט שאַריף פאָרמולירט דעם מצב פון יידישן לעבן אין די פרעמדע לענדער. ער האָט אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז יידן־שנאה איז אַ קראַנקהייט, אַ פּסיכאָז, וואָס גייט איבער פון דור צו דור און איז אַן אומהיילבאַר חלאת. עס איז ניט קיין קאָנפליקט צווישן צלם און טלית־קטן. יידן ווי ניט יידן האָבן ספּעציפישע אייגנשאַפטן, וואָס מען קאָן ניט בייקומען דורך אַסימילאַציע. יידן, האָט ער געשריבן, זיינען ניט קיין רעליגיעזע סעקטע, נאָר אַן עטנישע גרופּירונג, אַ פאָלק. די אַסימילאַציע און עמאַנסיפּאַציע האָט ניט אָפּגעשטעלט די אַנטי־סעמיטישע באַוועגונג נאָר פאַרשטאַרקט.

אַ ייד, וואָס שמדט זיך אָדער ווערט וועלטלעך ווערט ניט אנערקענט. דער אַנטיסעמיטיזם איז שאַרף איינגעוואָרצלטביים פּראָסטן המון, ווי ביים אינטעלעקטואל, ביים אַרבעטער און ביים פּראָפעסאָר; ביי וואַגנערן און ביי שאָפּענהאוערן אין דייטשלאַנד; ביי דאָסטאָיעווסקין, גאָגאָלן אין רוסלאַנד, ווי ביי קנוט האַמסון און עזרא פאונד — אין אַמעריקע. מיט דער צייט, יאָרן נאָך פינסקערס אַרויסזאָגונגען, איז דער אַנטיסעמיטיזם געוואָרן נאָך זעאָ־לאָגישער. היטלער האָט געוואָלט אויסראָטן אַלע יידן און דאָס האָט זיך אים טיילווייז איינגעגעבן. דער ערגסטער אַנטיסעמיטיזם האַלט אויך, אַז יידן זיינען אַ נאַציאָנאַלע איינהייט, ניט קיין רעליגיעזע עדה.

דר. זשיטלאָווסקי האָט אין תוך מסכים געווען מיט פינסקערס ציגאַנג, ער האָט אָבער פאַרבונדן דעם גורל פון יידן ניט נאָר מיט טערטאָריע, נאָר אויך מיטן גלויבן אין דער מענטשלעכער באַפרייאונג. ער האָט געהאַלטן אז ניט דווקא ארץ־ישראל דאַרף ווערן אַ יידישע טעריטאָריע. עס מעגן זיין צוויי טעריטאָריעס. ער איז אויך געווען אַן אָנהענגער פון „טעריטאָריאַליזם" (ביראָבידזשאַן און אַנגאָלע). ער האָט אויך געהאַלטן אַז יידן דאַרפן מאַיאָ־ריזירן אין דער טעריטאָריע, און זיי אַליין זאָלן רעגולירן די עמיגראַציע אין

דער דער נייער טעריטאָריע. ווי מיר זאָלן איצט ניט קוקן אויף דער טעאָר־יע וועגן גוטן ווילן פון די פעלקער צו געבן יידן אַ פרייל‍אַנד זיך צו באַזעצן, און בויען זייער מלוכה, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַן אוטאָפּיע אין ליכט פון די אַראַבישע ישראל־סכסוכים אין מיטעלן מזרח — בלייבט אָבער דער עצם צוגאַנג זשיטלאָווסקיס היסטאָריש.

זשיטלאָווסקי איז געווען אַ מענטש פון ווידערשפּרוכן. די סתירות האָט ער איינגעזאַפּט אין דער היים ביי די עלטערן פון זיינע פריסטע יוגנט־יאָרן. פון זיין מוטערס צד האָט ער געשטאַמט פון חסידים, פון פאָטערס צד — פון מתנגדים. ער האָט באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג און איז אויך געגאַנגען אין גימנאַזיע. ער האָט געהאַט אַ ליבע צו דער רוסישער און אויך צו דער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט זיך געוואָרפן פון איין באַוועגונג צו דער צווייטער. ער האָט געהאָלפן גרינדן די „גלות"־סאָציאַליסטן, און שפּעטער די „תשובה"־ציוניסטן. ער איז געווען אַ סיימיסט און אַן אָנהענגער פון דובנאָווס אויטאָנאָמיזם, אַ סאָציאַליסט, אַ העגליאַנער, אַן אָנהענגער פון אינדיווידועלן טעראָר און טיילוויז אַ העגליאַנער לויט מאַרקס טעזע.

ער איז אָבער פאַרבליבן אַ שטענדיקער סאָציאַליסט און באַקעמפער פון אַסימילאַציע. ער האָט געגלויבט אַז דער מענטש איז דאָס העכסטע אין דער וועלט און אַז ער איז פעאיק איינצואָרדענען אַ האַרמאָנישן לעבנס־סדר. ער האָט אויך געגלויבט אין דער ווידעראויפלעבונג פון זיין אייגן פאָלק.

זשיטלאָווסקיס השפּעה אויפן יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן איז געווען אומגעהייער. ער האָט געלערנט, אויסגעטייטשט פילאָסאָפישע שטרעמונגען און היסטאָרישע אַנטוויקלונגען און איז געווען אַ מייסטער פון דער יידישער שפּראַך און סטיל. זיינע ווערק שטעלן מיט זיך פאָר אַן אוצר פון געדאַנקען און אידעען־פאַרבינדונגען. ער האָט באַוויזן אַז מען קאָן שאַפן קונסט ווערק ניט נאָר אין דער פּאָעזיע נאָר אויך אין זשורנאַליזם.

ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער פּראָגרעסיווער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אָבער איז אויך פאַרפאָלגט געוואָרן פון קעגנער, וועלכע האָבן אים פאַרוואָרפן מיט זלזולים.

ועל כולם בלייבט זשיטלאָווסקי ווי דער קעמפער פאַרן יידישן לשון.

## נתן פּאָדעמבערג

וואָס האָט געשטרעבט צו דערהויבן ייִדיש צו אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך.

ער איז אויך געווען אַ רעדנער און אַ לעקטאָר, מיט וועמענס וואָרט ער איז געווען אַ מיטגרינדער פון דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ און פון דער ייִדישער קינדער־שולן באַוועגונג.

זשיטלאָווסקיס אָרט איז פאַרזיכערט אין דער מזרח־וואַנט פון ייִדישן לעבן און זיין קולטור־געשיכטע.

# פּרץ הירשביין און זיין סביבה



געטע האָט געזאָגט: „ווילסטו דעם דיכטער פאַרשטיין, מוזטו אין זיין לאַנד גיין. מען קאָן דאָס אָנווענדן אויף אַלע שעפערישע פּערזענלעכקייטן נאָר עס איז שטאַרק פּאַסיג פאַר דעם גרויסן שרייבער און דראַמאַטורג, פּ ר ץ ה י ר ש ב י י ן.

וויל מען זיך דערגרונטעווען צום געמיט און מהות פון פּ. הירשביינס קינסטלערישער געשטאַלט און וויסן פאַרוואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט פּאָ־עזיע און איז נאָכדעם איבערגעגאַנגען צו פּיעסן און טרילאָגישע ראָמאַנען; וויל מען וויסן, וואָס האָט אים באַוויגן אַרויסצופירן דאָרפישע יידישע טיפּן אין זיינע דראַמאַטישע ווערק און פאַרוואָס עס האָט אין אים געברויזט אַזאַ וואַנדערלוסט (ער האָט געמאַכט וועלט־רייזעס); וויל מען קריגן אַ שליסל צו די אינטימע און פאַרבאָרגענע קעמערלעך פון זיין סענסיטיווער און געפילפולער נשמה אָדער פון וואַנען ער האָט באַקומען זיינע מיסטישע ניגונגען — דאַרף מען לייענען די דריי הונדערט און פופציק זייטן פון זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק „קינדער יאָרן", וואָס גיט אַ פאַרשטענדעניש, אַ קלאָר בילד פון דער פּערזענלעכקייט: פּ ר ץ ה י ר ש ב י י ן.

פאַראַן שרייבער וואָס זייער שאַפונגס־קוואַל איז קליין און באַגרענעצט. זייער שעפערישער פּראָצעס שעפּט זיך גיך אויס. זיי דערשיינען אין אויפן ליטעראַרישן האָריזאָנט ווי אַ מעטעאָר, גיבן אַ בליץ, פאַרגייען און ווערן פאַרגעסן. פאַראַן אויך שרייבער, וואָס זייער יצירה־קוואַל פליסט כסדר און און וואָס מער זיי שעפּן פון אים, אַלץ מער שטראָמט ער און אלץ מער שע־

פּעריש ווערן זיי. צו דעם סאָרט שרייבער געהערט דער גרויסער, פילזײַטיקער קינסטלער פּרץ הירשביין.

הירשביין איז דער מחבר פון אַרום פערציק ביכער, צענדליקער פּיעסן ראָמאַנען, נאָוועלן און דערציילונגען. ער האָט אָנגעשריבן אַ טרילאָגיע „בבל" אין ניו-יאָרק, וואָס אַנטהאַלט פערצן הונדערט זייטן און נעמט אַרום פופציק יאָר יידיש לעבן אין דער גרעסטער וועלט-שטאָט.

הירשביינען איז ניט געווען שווער אָנצוקלייבן אַזאַ רייכן ליטעראַרישן אוצר. ער האָט בלויז געדאַרפט אויסשטרעקן זיין האַנט און נעמען פונעם גרייטן. זיין שעפערישקייט, זיין טאַלאַנט, האָט זיך דערוועקט, איידער ער האָט געקאָנט אָנשרייבן אַן אות. ער איז אָנגעגעגט געוואָרן פון דער פּאַר־כישופטער נאַטור, מיט וועלכער ער איז געווען אַרומגערינגלט אין זיין געבורט-שטעטל קלעשטעשעל, גראָדנער גובערניע. ער איז באַווירקט גע־וואָרן פון רעש פון דער מיל, וואָס אירע רעדער האָבן זיך געדרייט אין סטאַוו; פון די שטילע, סודות׳דיקע נעכט, וואָס פלעגן אַרומנעמען דאָס דאָרף, ווען די מיל איז געשטאַנען און, פון די מיסטישע מעשות, וואָס מען פלעגט דער־ציילן ביי זיי אין הויף אין די לאַנגע ווינטער-נעכט.

צו פיר יאָר האָט דער קליינער פּרץ געוואוסט די נעמען פון די ביימער, בלומען און געוויקסן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט זייער הויז, און פון די פאַרשיידענע לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס פלעגן קומען צו זייער מיל צו כאַפּן אביסל תבואה-קערענדלעך. עס האָבן אים געלאָקט די גרינע לאָנקעס, די געדיכטע וועלדער, די חנוודיקע סאַלעזשקעס, די רחבות׳דיקע פעלדער, די מיילן-וויטע תבואה-זאַנגען. ער האָט ליב געהאַט צו זען, ווי די טשערעדעס גייען פון די פעלדער מיט פולע אייטערס מילך. ער איז געווען אַנציקט פון די פייגלשע געזאַנגען, פון קוואַקעריי פון זשאַבעס און אינזעקטן. ער האָט באַ־וואונדערט דעם באָטשאַן, וואָס פלעגט אַוועקפליען פון זייער דאָרף אין האַרבסט און צוריקקומען אין פרילינג און בויען אַ נעסט אויפן העכסטן שפּיץ פון אַ בוים.

דער יונגער פּרצל האָט איינגעטיילט די ביימער אין געשלעכטער. די הויכע ביימער צו וועלכע ער האָט ניט געקאָנט דערלאַנגען, אָדער אַרויפ־

## פּרץ הירשביין און זיין סביבה

אַ נאָמען געגעבן „מאַמע־בוים״, ווייל זיי האָבן פאַר אים אַנטפּלעקט ליבשאַפט און גוטסקייט פון אַ מאַמען.

דער יונגער פּרץ האָט געהאַט אַ סענסיטיווע נאַטור. ער האָט געהערט דעם שטילסטן ניואַנס. לויטן שאָרך פון אַ צווייג האָט ער דערקענט דעם בוים, לויטן געזאַנג פון אַ פויגל האָט ער געוואוסט זיין נאָמען; לויטן זשומען פון די אינזעקטן האָט ער דערקענט זייער מין. ער האָט לויטן גערויש פון וואַסער געוואוסט צי די מיל דרייט זיך און לויטן שווערן טראָט פון אַ פויער האָט ער געוואוסט, אַז זיי טראָגן אויף זייערע פּלייצעס זעק תבואה צו דער מיל. פון קינדווייז־אָן האָט ער געהערט דאָס געזונטע, פריידיקע געלעכטער פון פויערים און די הומאָרפולע מעשות, וואָס זיי האָבן דערציילט איינער דעם אַנדערן, בעת זיי האָבן געוואַרט אויפן אָפּמאָלן זייער תבואה. ער האָט זיך איינגעקוקט אין זייערע דערצאָרנטע פּנימער בעת זיי פּלעגן זיך קריגן.

פּרץ איז געוואָרן זייער אינטים מיטן דאָרפישן לעבן. עס איז אים געווען שווער צו שיידן זיך מיטן דאָרף אפילו אויף אַ ווייל. ווען ער האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר, פון דאָרף אין שטאָט אַריין, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די ביימער זיינען ברוגז אויף אים, וואָס ער פאַרלאָזט זיי אויף אַ גאַנצן טאָג. און אַז ער איז צוריקגעקומען פון חדר האָט זיך אים געדאַכט, אַז די ביימער פרייען זיך וואָס ער איז דאָ.

פּרץ פלעגט אויפשטיין פאַרטאָג און לויפן אַהין און צוריק פון חדר, כדי צו האָבן צייט צו קוקן זיך צו די פיש, די עופות און בהמות, צו שניצן פייפ,עלעך פון קאָרע און אויספייפן פאַרשיידענע מעלאָדיעס. די דאָזיקע בענקשאַפט האָט אים ניט פאַרלאָזן שפּעטער, ווען ער האָט עטלעכע יאָר געלערנט אין דער בריסקער ישיבה. ער האָט געהאָפט אַז זיין פאָטער וועט דערפילן די בעקשאַפט און אים הייסן קומען אַהיים. ווייל דער דאָרף, האָט ער געשפּירט, איז באַ׳עוולה׳ט געוואָרן ווען ער האָט אים פאַרלאָזן. ער איז איינמאָל געקומען אין דאָרף און דערזען אַ זשאַבע אויפן גראָז. פּרץ האָט גערעדט צו איר ווי צו אַן אַלטן פריינט, וועמען ער האָט אַ לאַנגע צייט ניט געזען. — „איך האָב ליב די בלאָטעס אַזוי ווי דו, מיר איז געשמאַק דער ריח פון דער מאָכיקער ערד. איך האָב הנאה ווען מיינע פיס זינקען אין ווייכן גראָז״. נאָך אַ סך יאָרן,

## נתן פאָדעמבערג

ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָט ער אָנגעהויבן לייענען זיינע שירים פאַרן סטאַוו און פאַר דיביימער מיטן זעלבן ערנסט, ווי ער האָט גיצלייענט פאַר מענטשן. „איך האָב געפילט ,אַז דער גאַנצער אַרום פאַרנעמט מיר, דער גאַנצער אַרום וויגט אָן דעם אויער צו מיר". ער שרייבט ווייטער:

„דאָס זיינען געווען שירים, וואָס האָבן געשפונען אַ פעדעמדיקע בריק, צווישן ליפּעס (זיין פאָטער) מיל און צווישן דער קולטור־שטאָט ווילנע און דעם בית־מדרש וואו איך האָב געלערנט". און פונקט ווי זיין מוטער האָט אין אים איינגעפלאַנצט אַ ליבשאַפט צו דער נאַטור און האָט אויפגעוועקט אין אים דעם געפיל צו שרייבן לידער, אַזוי האָט זי דערוועקט אין אים אַ געפיל צו זען די „וועלט" און דאָס האָט שפּעטער דערפירט ער זאָל באַרייכערן די ליטעראַטור מיט צענדליקער ביכער און טיפן און געשטאַלטן, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויף זיינע רייזעס אין די פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט.

פּרצעס מוטער פלעגט ריידן צום יונגן בחור'ל ווי מען רעדט צו אַ דערוואַקסענעם מענטשן. זי פלעגט אים דערציילן ווי אַזוי מענטשן לעבן אין פאַרשיידענע לענדער. איר באַגער צו „פאָרן זען די וועלט" און איר פאַרדרוס, וואָס זי האָט צוליב איר חתונה האָבן יונג און האָבן פיר קינדער פון ערשטן מאַן און זיבן קינדער פון צווייטן — האָט דעם זון באַוויגן צו רייזן. ווען די מאַמע האָט אים געפירט אין שטאָט אַריין, צום זיידן, צו באַזאָרגן אים מיט „עסן טעג" אין בריסק, וואו ער האָט געלערנט אין בית־מדרש, האָט זי אים געזאָגט: „מיך האָט געצויגן אין דער ווייטער וועלט אַריין, אַז מען האָט ניט קיין פליגל פטר'ט מען אַוועק די יאָרן. עס האָט אוודאי געקאָנט זיין אַנדערש. דערפאַר איז מיר באַשערט צו זען ווי מיין קינד קריכט אַרויס פון בלאָטע".

פּרצ'עס זיידע האָט באַזאָרגט דעם אייניקל מיט „טעג" אָבער ער איז באַשטאַנען אַז פּרץ זאָל שלאָפן אין בית־מדרש. „גאָטס תורה וועט ביי אים זיין חשובער", — האָט ער געזאָגט — אויב ער וועט שלאָפן אין גאָטס הויז". די באַנק איז געווען פּרצעס בעט און עטלעכע שטיקער האָלץ — זיין קישן. צווישן די בית־מדרש ווענט האָט ער איינגעזאַפּט אַ סך סודות.

ווען ער איז אַמאָל געקומען פון ווילנע אין דאָרף, שוין אַ „געכאַפּטער אין

## פרץ הירשביין און זיין סביבה

דער מעשה״, האָט עס שטאַרק ווי געטאָן זיין טאַטן. דער פאָטער האָט פאַרלוירן די האָפנונג דער זון זאָל ווערן אַ רב. דער מאַמען האָט עס אָבער פאַרשאַפט נחת. „מיין קינד ווען דו וואָלסט בלייבן אין דאָרף וועט פון דיר גאָרניט ווערן״.

הירשביינס מוטער האָט אויסגעפירט. זי האָט אים אַוועקגענומען פון דאָרף און אַוועקגעפירט אין דער גובערניע־שטאָט בריסק און יצחק פריבולסקי דעם אָרלאָוער רבס זון. מיט וועמען ער האָט געלערנט אין בית־מדרש, האָט אים אַריינגעפירט אין די השכלה־קרייזן און פּרץ׳עס נשמה האָט זיך גענומען וואַקלען, די צווייפלענישן האָבן זיך געמערט. נשמה־ראַנגלענישן האָבן ניט אויפגעהערט. די וועלט איז פאַר אים געוואָרן פאַרנעפּלט. די טעג אין דער מיל, די נעכט אין בית־מדרש זייַנען אים פאַראויסגעלאָפן אָבער — „איך בין געגאַנגען, געלייטערט מיין גוף און נשמה און אַוועק אין זיינע דרכים״.

כאָטש אַ נייע וועלט האָט זיך איצט אַנטפּלעקט פאַר אים איז ער אָבער פאַרבליבן מיט די מיסטישע געפילן, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין דאָרף. די מיטסיק איז געווען אַ טייל פון זיין פסיכיק, דער סטימול פון זיין טראַכטן. פאַר זיינע אויגן האָט געשוועבט די ביינאַכטיקע שטילקייט פון דאָרף, די סודות־דיקע וועגט פון די בתי־מדרשים, די שאָטן־פלעקלעך פון די חלבנע ליכטלעך אויף די פאַרגעלטע בלעטער פון די הייליקע ספרים ביים לערנען. אין זיינע אויערן האָט געקלונגען דער עכאָ פון גמרא־ניגון און פון די „טעג״, וואָס ער האָט געגעסן אין די אָרעמע יידישע געסלעך פון ווילנע, פון די קעלערס און די בוידעם־שטיבלעך און פונעם לעבן פון די בלאַסע קלויזניקעס.

דעם לעבן האָט ער נאָכדעם אָפגעשפיגלט אין זיינע שירים און מעשות. ער האָט זיי געשריבן אין העברעאישן „הזמן״. די מיסטישע וויזיעס זיינען אים נאָכגעגאַנגען, ער האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון זיי.

אין זיין ערשטער פיעסע „די גבלה״, מאָלט הירשביין אַ קעלער־שטוב. אברוש, אַ געוועזענער פערד־הענדלער, שיכורט. ברייגע, זיין פרוי, האַנדלט מיט שפּייז, זיין שטיף־זון, מענדל, איז אַ פעל־שינדער. עס עיפושט פון אים די פעל. דאָס פאַרטריקנטע בלוט פון די פגירות. ער פאַרליבט זיך אין זיין

שטיף־שוועסטער און זי אַנטלויפט פון אים. עס עקלט איר זיין געשטאַלט. פון פאַרביטערטקייט וואַרפט ער זיך אויפן פאָטער כדי אים דערשטיקן.

אין „באַרג אַראָפּ״, אָדער „מרים״, שילדערט אויך אַ פינצטערע קעלער־שטוב, צעבראָכענע בעטן, אַ צוזאַמענגעקלאַפּט טישל, אַ שוסטער־וואַרשטאַט ביי וועלכן שמעון דער לאַטוטניק פאַרריכט שיך. די יתומה מרים וואוינט דאָרט. זי ווערט דערשטיקט פון דער לופט. איר חלומט זיך וועגן אַ טייך און ביימער, וואָס ציען זיך צום הימל, פון טייך קומט אַרויס אַ צווייג, איר פאַרשטאָרבענע מאַמע. די מוטער שטראָפט זי, וואָס זי האָט געהאַט אַן אומגעזעצלעך קינד. גרונע, דעם קברנ׳סט טאָכטער, האָט די נויט געצוואונגען פאַרקויפן זיך און זי פּראַוועט זנות ביינאַכט צווישן די קברים אויפן בית־עולם.

אין „אויף יענער זייט טייך״ מאָלט ער אַ קעלער־שטוב ניט ווייט פון טייך. מנשה, אַן אַלטער פּאַראַמשטשיק, זיצט ביינאַכט אין קעלער־שטוב. ער הערט דעם גערויש פון וואַסער, דעם קלאַפּ פון די כוואַליעס. „דער טייך איז איינגעוויקלט אין סודות. ער כעס׳ט זיך. דאָס וואַסער איז באַדעקט מיט רוחות״. ער גיט דעם אייניקל אַ קמיעה, אַ סגולה ניט דערטרונקען צו ווערן. מרימס עלטערן זיינען דערטרונקען געוואָרן. מירעלע האָט פאַרשיידענע חלומות. דאָס וואַסער ווערט טיפער, עס באַווייזט זיך אַן אומבאַקאַנטער מאַן, וואָס נעמט זי אַוועק. זי זעט אַ שיינעם זון־אונטערגאַנג אויף יענער זייט טייך. זי לויפט צום וואַסער און ווערט דערטרונקען.

די פּיעסן זיינען אַ געמיש פון רעאַליזם און מיסטיציזם. אין אייניקע טורעמט מער אַרויס דאָס רעאַליסטישע און וויניקער דאָס מיסטישע. די ביימער דער סטאַוו, די מיל, דאָס דאָרף, וואָס איז געווען זיין אינערלעכע וועלט, האָט אים ניט דערלאָזט אויפנעמען אַן אַנדער וועלט. ער האָט זיך געראַנגלט צווישן אַ ווייטער, אומבאַקאַנטער וועלט און אַ נאָענטער, אינטימער. פון איינער האָט ער געוואָלט אַוועק און אין אַן אַנדער וועלט האָ טער געוואָלט אַריין. ער האָט געפילט, אַז ער מוז אַוועק פון דאָרף, אָבער אינגאַנצן זיך באַפרייען פון אים איז אים געווען אוממעגלעך. „ווי אַ יונג ביימעלע, וואָס מען האָט אַרויסגע־שלעפּט פון דער ערד. אַ סך וואָרצלען זיינען אינגאַנצן אַרויס, אָבער עטלעכע זיינען געבליבן. וואָס מער הירשביין האָט זיך דערווייטערט פון דער דאָרפישער

## פרץ הירשביין און זיין סביבה

סביבה, אַלץ מער האָט די אויסערלעכע וועלט געהאַט אויף אים אַ ווירקונג. אַלץ מער האָט ער אָנגעהויבן אויסלאָדן די מיסטישע איבערלעבונגען, די איבערנאַטירלעכע זעאונגען און אַ נייער שעפערישער שטראָם האָט אָנגעהויבן שטראָמען אין זיין שאַפן.

די שרייבער פון הירשביינס דור האָבן געצויגן זייער יניקה פון דער סביבה אין וועלכער זיי האָבן געלעבט. הירשביין האָט זיך געמוזט דערווייטערן פון זיין סביבה כדי צו אַטראַפירן זיין שעפערישן כוח.

אין די פאָלקס-דראַמעס האָט הירשביין פאַרווענדט גרויס דיכטערישע קראַפט. ער האָט דורך בינע-טעאַטראַל אויסגעזונגען זיינע טיף-לירישע ניגונים, וואָס ער האָט געוועבט פאַר זיין שוועסטערקינד שיינדעלע, זיינס אַ יוגנט-ליבע, וואָס איז דורך אַ צופאַל פאַר׳סמ׳ט געוואָרן. ער האָט אין די דראַמעס אויך אויסגעזונגען די ניגונים פון זיין אַלטן זיידן, די צאַרטע און געפילפולע איבערלעבונגען פון זיין מוטער און דעם געמיט פון דער דאָרפישער פשטות פון זיין פאָטער, דעם געזונטן, פרימיטיוו-פאַרוואָרצלטן יידישן פויער און האָרעפּאַשניק. פון זיינע פּיעסן קוואַלט אַרויס פאָלקס-גוטסקייט, פּאַטריאַרכאַלע און תמימות׳דיקע נאַאיוויטעט, חנוודיקע דיאַלאָגן, שפּירעוודיקע קלאַנגען און מעלאָדיעס, אינאיינעם מיט קינדערישער שעמעוודיקייט, צניעות׳דיקע ליבעס-דערקלערונגען און ניט דערזאָגטע רייד. אַזאַ איז דאָס בילד פון צינה, דעם פּאַכטערס טאָכטער און לוי יצחק, דער מלמד פון פּאַכטערס זון, אין דער פּיעסע „גרינע פעלדער".

צינע איז פאַרליבט אין שעמעוודיקן לוי יצחקן. זי ווייסט ניט ווי אַזוי אויסצודריקן אירע געפילן. זי רייסט אָפּ אַן עפּל פונעם בוים און גיט אים ער וויל דעם עפּל האַלטן פאַר אַ „שהחינו" פאַר ראָש השנה. „וואָס טוט מען, אַז מען וויל פאַרט אַן עפּל" ? פרעגט זי און ער ענטפערט דאַרף מען איינהאַלטן דעם יצר הרע". „ווער איז דער יצר הרע?" — דער יצר הע זיצט אין מענטשן. דאָסהאָט ער דיך געשיקט רייסן אַן עפּל ביזטו אַראָפּגעפאַלן"...

פרץ הירשביין האָט זיך דאָ דערגרונטעוועט צו די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון אַ בחורס און מיידלס נשמה. מען ווערט פּסיכאָלאָגיש באַווירקט פון זיינע בילדער. דער קריטיקער ב. ריווקין שרייבט : „קיין שרייבער האָט ניט אַזויפיל

דינקייטן, ליבע־ברוגזן צווישן בחור און מיידל, ליבער־איפערזוכטן צווישן שוועסטער און חברטעס; ליבעס וואָס ווערן האַסן און האַסן וואָס ווערן ליבעס אין וואָס לויפן אין אזויפיל זיגזאַגן, וואַריאַציעס און שאַטירונגען, ווי פּרץ הירשביין אין זיינע „שמדס טעכטער", „די פּוסטע קרעטשמע", „אין אַ פאַר־וואָרפן ווינקל" און אַנדערע („אונ־זער פראַזאַאיקער").

הירשביין האָט בכיוון אָנגעהויבן זיין שאַפן מיט דראַמען. ער האָט פּעזוכט קאָנדענסירטקייט, דיאַלאָגישן צמצום און ניט ראָמאַן־צעפלאָסנקייט. ער האָט ניט געוואָלט, אַז זיינע טיפן און די געשטאַלטן פון זיינע ווערק זאָלן בלייבן אויף די בלעטער צווישן די טאָוולען פון אַ בוך און דער לייענער זאָל דאַרפן מאָלן בילדער אין זיין דמיון; ער האָט געוואָלט אַרויספירן זיינע מענטשן אויף דער בינע, דער לייענער זאָל זיי זען און הערן זייער קול.

פּרץ הירשביינס נאָמען האָט אָפּגעקלונגען אין די ליטעראַרישע און דראַמאַטישע קרייזן. מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם, ביאַליק און אַנדערע האָבן אין הירשביינען געזען דעם צוקונפטיקן יידישן דראַמאַטורג. מען האָט וועגן אים געשריבן אומעטום און עס האָבן זיך געשאַפן דראַמאַטישע גרופּן, וואָס האָבן אויפגעפירט זיינע פּיעסן.

ניט נאָר אין פּיעסע־זשאַנר איז הירשביין געווען גרויס. ער האָט אויך געשאַפן וויכטיקע ווערק אין בעלעטריסטישער פּראָזע. זיינע מיסטישע עמפינדונגען האָבן אים געטריבן פון לאַנד צו לאַנד, און וואָס־מער ער האָט געוואַנדערט אַלץ מער איז ער אָנגערעגט געוואָרן פון לעבן און אַלץ גרעסער איז געוואָרן זיין וויזיאָנערישער כוח און זיין שאַפונג. אין 1925 האָט הירשביין אונטערגענומען זיין דריטע וועלט־רייזע, וואָס האָט געדויערט פינף יאָר. ער האָט באַזוכט דרום־אַמעריקע, יאַפּאַן, כינע, אַרץ־ישראל, סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַלע אייראָפּייאישע לענדער. פון די רייזעס האָט ער געשאַפן זיין ווערק, די פערצן הונדערט זייטיקע טרילאָגיע „בבל־ניו יאָרק" און זיינע ביכער

זיינע ווערק זיינען באַהויכט מיט פּאָעטישע מאָלערייען. צום ביישפּיל אַזאַ בילד וועגן כרך ניו יאָרק: „ניו יאָרק איז אַ באַשעפעניש פון שטאָל און

שטיין, אזייערנע געדערים, שטאָלענע נערוון, וואָס רוישן אַזוי טרוקן, קלאַפּן און גרילצן". אָדער אַזאַ קלאָר בילד וועגן האָדסאָן־טייך: "דער האָדסאָן איילט זיך ניט... ער האָט צייט אויפצונעמען אין זיין טיפעניש די שאָטנס פון גרינע בערגלעך אין באַבלימלטע פעלזן, גרינע אין זומער און גאָלדענע אין האַרבסט".

ער פאַרמאָגט אויך אַן אַלטרואיסטיש געפיל. ער שפיגלט אָפּ די נויט און עלנט פון יידישן לעבן, אין די לענדער פון רעכטלאָזיקייט און רדיפות, און ער דריקט אויס זיין דאַנקבאַרקייט צו אַמעריקע, וואו די אַנטלאָפענע יידן פון די צאַרישע פּאָגראָמען האָבן געפונען זייער פרייהייט און רעכט. "און נאָענט איז מיר דער האָדסאָן, ווייל קיין טייך אין לאַנד האָט ניט אויפגענומען אַזויפיל געסט פון אַלע וועלטן, וואָס זיינען געקומען אַהער, ווער מיט פאַרווייינטע אויגן, ווער מיט מונטערע בליקן און נאָך נעענטער איז מיר דער האָדסאָן, ווען איך טראַכט, אַז ביי זיינע ברעגן ליגט די שטאָט ניו־יאָרק, וואו אַנדער־האַלבן מיליאָן פון אונדזער פאָלק האָבן אַ היים"".

פרץ הירשביין איז געווען אַ סאָציאַלער פּראָזאַאיקער. ער איז אַנגערעגט געוואָרן פון זיין צוקוקן זיך צום האַרעפּאַשנעם לעבן. ער איז אויפגעוועקט געוואָרן פון זיינע וואַנדער־רייזעס אין פאַרשיידענע לענדער, וואו ער איז גע־קומען אין באַריר מיט נייע מענטשן און זיך באַקאַנט מיט זייערע זיטן, מנהגים און שטייגער־לעבן. ער איז געגאַנגען אויף די ערטער, וואו עס לעבן די האַרע־פּאַשנע מאַסן. די קוילן גרעבער און די שטאָל־גיסער אין פּיטסבורג, די סטאָק־יאַרד"־אַרבעטער אין שיקאַגאָ, די אויסגעבלייכטע און טובערקולאָזע פּנימער פון די קראַנקע אין דענווער סאַניטאַריום, די אַרבעטער אין די זילבער־מינען אין קאָלאָראַדאָ־בערג. "איך קאָן אַזעלכע, וואָס זיינען אַהער געקומען אין איינציקע מלבושים אויפן לייב און מיט האַמער און רידל האָבן זיי אַזוי לאַנג געגראָבן אין באַרג ביז זיי זיינען פון דאָרט ניט אַרויסגעקראָכן. ווינטער איז געקומען און פאַרפרוירן געוואָרן... מען האָט שטיינער אויפגעריסן, אַ סך מענטשן זיינען אומגעקומען, אָבער דער זילבער שטייגט..."

פרץ הירשביין האָט אויך געשילדערט דעם גרעאַנגל פונעם נייעם מענטש אין ראַטנפאַרבאַנד. אין זיין בוך "רויטע פעלדער" האָט ער געגעבן אויסדרוק

## נתן פאָדעמבערג

דעם געמיט־געראַנגל פון די וואָס שטרעבן צו ווערן אַ טייל פונעם נייעם און די וואָס קאָנען ניט אָפּגיין פונעם אַלטן סדר. לאַנע, אַ טאָכטער פון אַ רייכן תבואה־סוחר, פאַרוואַרפט דאָס אַלטע און טרעט אַריין אין נייעם לעבן. איר פאָטער ווערט אויך מיטגעריסן, נאָר עס קומט אים אָן שווער זיך איבער־אַרבעטן. די קאָוואַלסקיס, פון דור־דורות שמידן, האָבן ניט קיין צוטרוי צו די „בורזשואַזנע טעכטער". בערע קאָוואַלסקי איז אַזוי טיף אַריינגעוואָקסן אין דער סאָוועטישער אָרדנונג, אַז עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט נאָך ניט גענוג כדי זיך אַרויסבאַפרייען פון די זיטן. „אין מיר אַליין האָב איך וואָס צעשטערט, אויסגעוואָרצלט אין זיך אַ סך בורזשואַזע מידות. ווי אַ נזיר פייניקט ער זיך אַליין, פאָרשט זיך, ער איז דער פּראָקוראָר, וואָס מוסרט זיך אַליין. עס טרעפט און ער פאַרמשפּט זיך אַליין".

לאַנע באַנעמט די פליכטן פון דער נייער אָרדנונג. זי ווערט אַ שטיצערין פונעם נייעם סיסטעם. זי וויל ניט צוריקגיין צום אַלטן.

פּרץ הירשביין ווערט פאַררעכנט פאַרן צווייטן דור קלאַסיקער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. ער האָט געזען די ליטעראַטור אין איר בלי־פּעריאָד. און האָט אַריינגעבראַכט אַן אייגנאַרטיקן זשאַנר אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט געשאַפן אויף יידיש דעם זשאַנר פון רייזע־בילד און פאָלקס־דראַמע. זיינע ווערק ווערן פאַרבלייבן אין אוצר פון יידיש־שאַפן ווי דענקמעלער פאַרן יידישן לעבן אין שטעטל און דאָרף, אין גרויס־שטאָט און אין אַלע עקזאָטישע ווייטע לענדער. ער האָט געלאָזן אַ ירושה פאַר די דורות.

# מאַני לייב — דער דיכטער פון טרוימען



עס זיינען פאַראַן פּאָעטן, וואָס זייער דיכטערישער ברויז איז ניט אָנגערעגט פון קיינעם. די דיכטער האָבן ניט געלעבט אין אַ ליטעראַרישער אַטמאָספערע און ניט גע׳ירשנ׳ט פון קיינעם זייערע גייסטיקע אייגנשאַפטן. פאַראַן אויך אַזעלכע דיכטער, וואָס האָבן זייער פּאָעטישן געפיל באַקומען פון זייערע עלטערן פון קינדווייז־אָן. צו די דאָזיקע געהערט דער טאַלאַנטירטער דיכטער מ אַ נ י ל י י ב.

איידער נאָך די דיכטערישע מוזע האָט זיך צו אים באַוויזן און איידער ער האָט געקאָנט אָנשרייבן אַן אות, האָט ער געלערנט פון זיין מאַמען, ווי צו מאַכן גראַמען. זיין מאַמע האָט געהאַט אַ פּרעכטיקע שטימע און פלעגט זאָגן גלייכווערטלעך. זי פלעגט פאַרקלינגען די גאַס מיט אירע ניגונים, אַז די שכנים פלעגן שטיין הינטער די פענצטער און זיך צוהערן. זי האָט אויפגעוועקט ביי איר זון אַ געפיל פאַר גראַם און נגינה.

אין די שבת־צו־נאַכטן פלעגן זיך צונויפקומען משפחה, קרובים, פערדהענדלער, יאַרידים־פאָרער. מען פלעגט שטעלן דעם „סאַמאָוואַר", טרינקען טיי און זיך דערציילן פאַנטאַסטישע מעשות פון גזלנים, בעטלער, וואַנדערער. די געשיכטעס האָבן צעגליט די פאַנטאַזיע ביים יונגן בחור׳ל און אין אים געוועקט אַ געפיל פאַר פאָלקסטימלעכע מעשות.

מאַני לייב איז געווען איינער פון אַכט קינדער. זיין פאָטער האָט געהאַנדלט מיט פעל און די מוטער מיט עופות און גרינסן. די עלטערן פלעגן אַוועקגיין זוכן פרנסה און די קינדער זיינען פאַרבליבן אין דערהיים. אויף דער נאַכט, ווען די עלטערן זיינען אַהיימגעקומען מיט די קוישן עסנוואַרג, האָט מען אויסגעשפּרייט שטרוי אויפן דיל און געלייגט שלאָפן די קינדער.

## נתן פּאָדעמבערג

צו עלף יאָר האָט שוין דער טאַטע אָפּגעגעבן זיין עלטסטן זון, מאַני לייבן, צו אַ קאָמאַשן־שטעפּער. דער פּאָטער האָט זיך באַפרייט פון דעם „עסער״ געוועזן אַ „דינסט״ ביי דער באַלעבאָסטע.

אין עלטער פון פופצן יאָר האָט שוין מאַני לייב געקאָנט די יידישע און רוסישע ליטעראַטור און איז געווען באַהאַוונט אין די פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען פון זיין שטעטל ניעזשין, אין מזרח־אוקראַינע. ער האָט געלייענט אַ סך ביכער ביי זיין באַלעבאָס, באַזונדערס אין די נעכט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן, און ער איז געוואָרן פּאָליטיש באַוואוסטזיניק, און געגאַנגען אויף „סכאָדקעס״, אָנגעפירט מיט סטרייקן און געשריבן לידער, וואָס אַרבעטער־מיידלעך האָבן געזונגען. די „אָכראַנע״ האָט זיך אויף אים אומגעקוקט און מען האָט אים פאַרשיקט. שפּעטער איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן וואו ער איז געוואָרן טעטיק אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. פון לאָנדאָן איז ער געפאָרן קיין אַמעריקע, איז אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע״, איז געוואָרן אַ יידישער דיכטער.

אין זיינע ערשטע לידער האָט מאַני לייב אויסגעזונגען דעם צער פון די אַרבעטער־מיידלעך (אַן אָוונט־גלאָק), געוויינט מיטן איטאַליענישן שיך־פאַרריכטער (אַנדזשעלינאָ) און האָט געזען די שיינקייט פונעם דלות אין די הייזער. ער האָט געבענטש די הענט, וואָס ברענגען ליבשאַפט צום שכן און די האַנט, וואָס קלאַפּט אויף דער קאָוואַדלע. זיינע לידער זיינען פול מיט ליבע צום פאַרהאָרעוועטן מענטשן. שפּעטער האָט ער געענדערט די טעמע פון ליד. ער האָט ניטגעשעפּט פון אַלטן קוואַל, פון זיין אַמאָליקער רוסישער היים, נאָר האָט זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיטן געשליפענעם וואָרט רוסישער היים,, נאָר האָט זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיטן געשליפענעם וואָרט און מיטן נייעם בילד. ער האָט זיך פאַרליבט אין ליד, אויפן שער־בלאַט פון זיין ערשט לידער בוך, האָט ער געשריבן:

מחע, גיב מיר לידער,
פייגל — מיינע טעג.״
הויסן לעבן פון מיין לעבן,
אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

## מאַני לייב — דיכטער פון טרוימען

בלוט וועל איך זיי געבן,
— פויגל אויפן שניי —
לייג אויף מיין האַרץ אַנידער,
קראַנק בין איך אָן זיי.

מאַני לייב איז געוואָרן דער פּאַראויסגייער פון אַ נייער דיכטערישער שול „די יונגע", וואָס ער מיט זיינע חברים: ראובן אייזלאַנד, מנחם באָריישא, משה דילאָן און אַנדערע, האָבן געגרינדעט ווי אַ רעאַקציע קעגן די סאָציאַלע לידער פון עדלשטאַט, באָווישאָווער, ראָזנפעלד און וויטשעווסקי.

מאַני לייב האָט געהאַלטן, אַז אַ דיכטער איז נאָר דער, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט „אומרו פון עמאָציעס". „אונדזער פּאָעזיע איז געוואָרן סקאַרבאָוו, אָן לעבן. זי איז גרילצנדיק און געשמאַקלאָז. יידישע אַרבעטער זיינען דערצויגן געוואָרן אויף ווערטער-דעקלאַמאַציעס. די פּאָעזיע דאַרף אָפּשפּיגלען ניט דאָס טאָג-טעגלעכע, אָרימע און גרויע". מען דאַרף באַזינגען דעם יחיד, ווענן ראָמאַנטיק, וועגן יום טוב, פייערלעכקייט.

מאַני לייב האָט זיך געווידמעט דער שול פון די „יונגע", און אַז געוויסע דיכטער האָבן אָפּגעלאַכט פון אים האָט ער זיי געענטפערט מיט אַ זיי־געזונט"

„איז זייט מיר געזונט מיינע טייערע ברידער!
ביים וואַרשטאַט מיט אייך, גייט מיר ניט איין
אין האַרצן די מוזע — אין בוזעם די לידער.
איך גיי צו פּאָעטן — אַ פּאָעט צו זיין".

פאַראַן אין מאַני לייבס פּאָעזיע פאַרשיידענע טענער און קלאַנגען, נאָר דער טרויעריקער טאָן דאָמינירט. ער פרייט זיך, וואָס זיין געליבטע האָט אויף זיין וועג „אַ שיין אָנגעצונדן", און אַז ער דערגרייכט דעם וועג איז ער „פאַרשוואונדן". אים איז דערווידער דער רעש. ער גייט אין פּאַרק מיט „שטילע טריט", גייט אום אַליין און אים איז „רואיק און גוט", אָפּט שרעקט אים די גאַס, די הויז און די מענטשן.

## נתן פּאָדעמבערג

„איך שטיי ביי מיין הויז אַליין,
אין הויז האָב איך מורא צוגיין.
מיין הויז איז פאַרשלאָסן און וויסט,
ביז איבער די פענצטער פאַרשנייט".

אַמאָל פאַרשווינדט זיין טרויער-טאָן און זיין פּאָעטישער געמיט ווערט אַדורכגענומען מיט אַ צאַפּלדיקער פרייד. דעמאָלט חלומט ער וועגן אַ שלאָס מיט זיבן ווייסע פערד און זיבן שלייערן. ער הייסט פאַנאַנדערפראַלן

טיר און טויער און אָנצינדן פאַקלען, שפּאַנען פערד און שליטן:

„הוי! איך ביי מיינע הויכע טויערן,
די גאַנצע נאַכט מיט פאַקלען וואַכט.
מיין ווייסע פרייד אין דרייצן שלייערן
דאַרף קומען צו מיר היינט ביינאַכט.

פליט מיין ווייסע פרייד אין שליטן,
מיט די זיבן ווייסע פערד.
אירע שלייערן צעשאָטן,
ווייסע ווינטן אויף דער ערד,
און זי יאָגט די ווייסע פערד".

גאָר באַלד פאַרשווינדן די זיבן ווייסע פערד און די ווייסע שלייערן. די פאַקלען ווערן אויסגעלאָשן און זיינע וואונדיקע נעכטנס ווערן וואונדיקער און ברענען רויטער נאָך ווי פריער". קאַלט איז די זון, גרוי און אַלט דער פּאַרק, דאָס לעצטע בלעטל פאַלט אַראָפּ און פרעגט: „וואו זיינען די אויפּ־געפראַלטע טעג, די זון, אָוונט און שטערן," און ער ענטפערט: „אין ווילדן וויינגריב (אַזאַ פלאַנץ),ביים פלויט מיט שוואַרצע דערנער קלעטערט".

מאַני־לייב האָט געזונגען פון זיין אייגענער נשמה, געלויכטן האָט ער אין זיינע קינדער־לידער. דאָ הערט זיך אַ זאָרגלאָזע פרייד פון דער קינדער־

## מאַני לייב — דיכטער פון טרוימען

וועלט, שפּיל, געזאַנג און טאַנץ פלעכטן זיך צונויף אין איין האַרמאָנישער גאַנצקייט. ווי אַ ליבער זיידע נעמט ער צונויף זיינע אייניקלעך און זינגט:

„פאַר די הענטלעך אין די רינגען, אין די רינגען,
קליינע שיינע קינדער זינגען, קינדער זינגען:
גאָט געטרייער גיב אַ רעגן,
פאַר די קליינע קינדערס וועגן,
גיב אַ רעגן, גיב אַ רעגן.

ווי אַ בין צו אַ בלום, אַזוי איז מאַני לייב צוגעפאַלן צום יידישן עפּאָס און געזויגן דעם עפּישן זאַפט. אין זיין ציקל לידער די בעלעמער באַראָנים איז פאַראַן פון פּרץ׳עס פאָלקסטימלעכקייט. זיי זיינען דורכגעוועבט מט אַ לייכטן, ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די מנהגים און פּירעכצן און האָט אַלץ פאַרהיט.

מאַני לייב איז צום אַלעם ערשטן געווען אַ ראָמאַנטישער דיכטער. ער איז געווען פאַרפאַנצערט אין זיין חלום-וועלט. „אַן אמתער דיכטער דאַרף ניט שרייבן פון דער וועלט אַרום אים, נאָר פון דער וועלט א י ן אים.״ ער האָט האָט זיין ליריק נאָך מער פאַרלירישט. פון זיינע לידער ווייעט מיט פריידיקן פאַרכט. עס איז ווי מען מען וואָלט שפּאַצירט אַליין אין אַ שטילן און סודות׳-דיקן וואַלד. מען ווערט אַנטציקט פון דעם לאַבירינט פון נאַטור-מאָלערייען, פון אַ בלענדיקער זון און פונרחבותדיקע פליינען, אָבער די דאָזיקע אַליינקייט שאַפט אויך אַ אומהיימלעכקייט. ער עפנט די קעמערלעך פון דער מענטש-חנוודיקן הומאָר. ער מאָלט א יידישן עושר, אַ יורד, וואָס זאָרגט פאַר זיינע זיבן טעכטער. ער לאָזט זיך מיט זיין איינציק פערדל אויסצונאַרן נדן פאַר די טעכטער. ער קומט קיין כעלם, דערציילט די יידן אַז דאָס פערדל האָט אַ כישוף. ווער עס האַנדלט אים איין וועט זיין אַ גביר.

„אַז מען גיט איס היי צעקייען,
וועט ער קייען אויך פאַר דרייען.
און מטבעות — גאָלד און גרויס,
וואַרפט ער גלייך פון זיך אַרויס,

נתן פאָדעמבערג

טאָמער וויל מען האָבן ווענדלעך,
גיט אים האָבער זיבן פענידלעך.
הייבט ער אָן מיט רענדלעך גיין,
וויפל נאָר איר ווילט אַליין״.

דער סוף איז אַז די בעלעמער האָבן אים געצאָלט וויפל ער האָט אָנגעבאָטן, און דער ליטוואַק איז אַהיימגעפאָרן צופרידן. ער דערציילט אויך מיט אַ סך חן די מעשה וועגן די בעלעמער, וואָס האָבן געוואָלט אָפּשטופן דעם באַרג, וואָס האָט זיי פאַרשטעלט די זון און די מעשה מיט דער פורים סעודה, די פרייד מיטן הענגען פון המן, דעם צורר־היהודים, נאָר דאָ איז געשען אַ גרויסע צרה —

„האָט אַזאַ אומגליק געטראָפן
מיר גאָר זיינען אָנגעלאָפן,
האָבן זיי צעשלעפט, צעגעסן,
אויסגענאַשט און אויפגעפרעסן.
וואָס כעלם, רייך און ברייט,
אויף דער סעודה האָט פאַרגרייט.
אַז געבליבן איז פון אַלץ,
נאָר דאָס פעפער מיטן זאַלץ.״

שפּעטער זיינען מאַני לייבס טענער געוואָרן לירישער און צערפולער. די גרויע וואָך האָט דעם יום־טוב פאַרביטן. די נעכט זיינען געוואָרן לאַנג און פיינלעך, דער דיכטער איז פאַראיינזאַמט געוואָרן. מאַני לייבס טראַגעדיע איז אפשר געווען, וואָס ער האָט פאַרלאָזן זיין האָרעפּאַשנע סביבה, זיין דיכטערישן אָנהויב און זיין סאָציאַלן שטאַם.. ער אַליין האָט זיך געקלאָגט, אַז ער האָט ניט פון וואַנען צו שעפּן. דאָך איז מאַני לייב געווען און געבליבן דער „כשוף־פּרינץ״ פון דער מאָדערנער יידעשער פּאָעזיע. זיינע לידער האָבן די שיינקייט פון פריש־אָפּגעריסענע בלומען, דעם חן פון יונגער און ליבלעכער צניעות און דעם געשמאַקן טעם פון זאַפטיקע פירות.

# יוסף אפּאַטאָשו און זיין שאַפן



פאַראַן שרייבער, וואָס זייער יצירה־קוואַל איז באַגרענעצט. זייער שאַפע־רישער פּראָצעס הערט שנעל אויף. זיי בליצן אויף ווי אַ מעטעאָר און באַלד פאַרגייען זיי. פאַראַן אויך שרייבער, וואָס זייער שאַפונגס־קוואַל האַלט אין איין שפּרודלען און וואָס מער זיי שעפּן אַלץ מער שפּע ברענגען זיי און אַלץ מערשעפערישער ווערן זיי. צו דעם צווייטן סאָרט שרייבער האָט געהערט יידישער פּראָזאַאיקער און מייסטער־דערציילער יוסף אַפּאַטאָשו.

אַפּאַטאָשו איז געווען דער מחבר פון העכער צוואַנציק בענדער, וואָס באַשטייען פון ראָמאַנען, נאָוועלן און הונדערטער דערציילונגען, אין וועלכע ער האָט אַרויסגעפּירט הונדערטער טיפּן און געשטאַלטן פון שטעט און שטעטלעך אין פּוילן און אַמעריקע.

אַפּאַטאָשון איז ניט אָנגעקומען שווער צונויפצוקלייבן מאַטעריאַל. ער האָט בלויז געדאַרפט אויסשטרעקן די הענט און נעמען פונעם גרייטן. ער איז געווען היימיש מיט זיין מאַטעריאַל.

זיין טעמאַטיק איז ביז אַ געוויסן גראַד סתירות׳דיק. איין טייל לויכט און פינקלט, דער צווייטער זעט אויס טונקל. איין טייל איז פול מיט וויזיע און דער אַנדערער פאַרמאָגט לומדות, עסענץ פון דורות. דעם ערשטן טייל האָט ער גע׳ירשנ׳ט פון זיין פאָטערס משפחה, פון דור־דורות רבנים און גאונים, מחברים, חסידים און משכילים. דעם אַנדערן טייל — פון זיין מוטערס צד: קרעמער, שענקערס, פּאַכטערס, פישער, קאָנטראַבאַנדיסטן, הענדלער מיט פערד. אין זיין פאָטערס משפחה האָט געהערשט לומדות, השכלה, קבלה.

## נתן פּאַדעמבערג

זיין טאַטע און זיין עלטערער ברודער האָבן געשריבן שירים און די קרובים אויף גאַנצע צוויי יאָר, ווען דאָס ייִנגל האָט זיך געלערנט די מלאכה און איז פון דער מאַמעס זייט האָבן געשיכורט, און זיך געחברט מיט אונטער־וועלט פאַרשוינען.

דער יונגער יוסף האָט זיך צוגעקוקט צו דער פּלעיאַדע פון זיין משפּחה. ווען ער איז עלטער געוואָרן און האָט זיך גענומען צו דער פּען, האָט ער צום ערשטן דווקא ארויסגעפירט די טיפן פון זיין מאַמעס צד.

אין זיין ערשטער דערציילונג „אויף יענער זייט בריק" זעט מען שוין זיין ווייטערדיקן ליטעראַרישן גאַנג. מען שפּירט דאָרטן דעם הייסן אָטעם פון זיינע מענטשן, טיפן מיט פולסירנדיק בלוט, מיט ניט־קאָנטראָלירטע אינ־סטינקטן און די גאַנצע פאַרגרעבטע סביבה פון וואַנען זיי קומען.

מיט רעכט שרייבט ב. ריווקין: „אָפּאַטאָשו איז אַריין אין דער ייִדישער ליטעראַטור דורך דער אונטערוועלט־טיר. ניט מיט דעם ליכט, וואָס שיינט אויף די שטערנס, נאָר מיטן טונקעלן ליכט, וואָס ברענט הינטער דער הויט. ביי זיינע מענטשן דאָמינירט ניט די לאָגיק, ניט דער קאָפּ און אויך ניט דער שכל, נאָר דער אינסטינקט, וואָס קומט אומגעבעטן און גייט אָן אַ דער־לויבעניש" (אונטערשטריכן פראָזאַאיקער).

אָפּאַטאָשו איז אַריין אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט אימפּעט און שטורעם. אַ רייפער, אַ צייטיקער. ער האָט באַלד פאַראינטערעסירט דעם לייענער. „אָפּאַטאָשו האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען מיט זיין ערשטער דערציילונג".

דער הויפּט־מאָטיוו פון זיין שאַפן איז פון אָנהויב געווען: דאָס רויע, דאָס עקזאָטישע, דער מענטשלעכער אומרו און זיינע אינסטינקטיווע טרייב־קרעפטן. ער האָט גשילדערט די תאווה, גלוסטעניש פון מינים און דעם שטענדיקן קאַמף פון יצר הרע מיטן יצר טוב, דעם אומקאָנטראָלירטן ברויז. ער האָט באַרירט ווינקלען פון לעבן, וואָס זיינען געווען פאַרהוילן. זיין שאַפן איז געווען דורכאויס נאַקעטער רעאַליזם, אָן שום אָרנאַמענט און באַפּוצונג. ער איז געווען מער באַשרייבער ווי שאַפער. ניט דער סיפור־המעשה, איז ביי אים געווען דער עיקר, נאָר דער מענטש. ער האָט ניט אַוועקגעפירט

## יוסף אָפּאַטאָשו און זיין שאַפן

דעם לייענער אין אויפגעטרוימטע וועלטן, אין סודות׳דיקע ערטער און אין מיסטישע שלעסער. ער האָט וויכטיק געלייגט אַכט אויף דער פאַנטאַזיע, נאָר אויף דער וויזיע פון אויג און און דער לויטערקייט פון געדאַנק.

צו זיין 25־יאָריקן יובילײ (1935) האָט ער אַליין געזאָגט: „יעדער שרייבער האָט זיין נוסח. אנדערע זיינען אינטיאויוו, זיי שטרעבן זיך ניט אָן צופיל און האָבן ניט קיין חבלי־לידה. מען עפנט אַ קראַן און לעבן פליסט. מיין שרייבן ווערט רעגולירט פון געדאַנק, ניט פון פרייער אינטואיציע".

אין „ראָמאַן פון אַ פערד־גנבֿ" שילדערט אָפּאַטאָשו די צוויי טיפּן: שלמה און זיין זון זאַנוול. זיי שיכורן, גנבֿ׳ענען און פאַרפירן ווייבער. זאַנוולס קראַפט געפעלט אַ באַלעבאַטיש מיידל, וואָס וואָלט זיך „וועלן אָנזעטיקן מיט זיין גבורה. אין דער דערציילונג „אין וואַלד" פירט ער אַרויס אַ שמיד, וואָס זיין זון פירט אַ לעבן פון זנות און צעשטערט פאַמיליע־לעבן. אין דער אַמעריקאַנער געטאָ", איז פאַליע, אַ מיידל, וואָס האָט צוועלעכע געליבטע אין דאָס זעלבע אין די דערציילונגען „מאָריס און זיין זון פיליפּ" און אין „סאַלון". די טיפּן אָדער כאַראַקטערן פון די דערציילונגען זיינען שיכורים, קאָרטן־שפּילער, וואָס פאַרשפּילן זייער געלט און די כלה׳ס.

אָפּאַטאָשו קייטלט איין פאַסירונג אין דער צווייטער מיט אַרכיטעקטאָ־רישער פּרעציזקייט. ער שאַפט די נויטיקע סיטואַציע און באַהעפט אידעע און טאַט. אין גרויסן ראָמאַן „פּויליש וועלדער" טרעפט זיך מרדכי, דעם וואַלד־פאַכטערס זון, מיט רחלען אין וואַלד ווען די צייטיקע, סאָסנאָוועביימער ביימער בעפּעפענען זיך. דער וואַלד טריפט מיט פעך און „טיף אין וואַלד האָבן מיליאָנען געוויקסן אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם אין דער נאַכט אַריין. די ביימער האָבן זיך געפּאָרט, צווייגן מיט צווייגן האָבן זיך געפּאָרט, און די וויסל, די בלומען, האָבן געלאָקט און געוואונקען". דאָס נאַטור־בילד פון וואַלד כשופט און לאָקט און די ראָמאַנטישע באַהעפטונג פון מרדכין און רחלען פאַשיכורט. פאַראַן דאָ אויך פּרעכטיקע מאָלערייען פון פישער לעבן, מיטאָלאָגישע בילדער. באַגינען גייען די פישער מיט זייערע פרויען צום וויסל פאַרוואַרפן זייערע נעצן: „די פרויען אָנגעטאָן אין לייכטע, דורכ־זיכטיקע בלוזקעס מיט ווייסע, טוליעגע שלייערן אויף די קעפּ. די פישער —

בראָנזענע, מיט שטאָלענע אויגן, זיינען געגאַנגען, געפייפט און געזונגען מיט פילע מיילער. איבערגעשראָקענע פייגל האָבן זיך אָפּגעריסן פון די צווייגן, גע־בליבן הענגען אין דער לופטן, צעשפילט, צעפייפט איבערן וואַלד. אַ פרייד איז אַריין אין יעדן פאַרוואָרפענעם שטיבל". מיט אַזעלכע קינסטלערישע מאָלערייען איז פול דער ראָמאַן און דאָס איז זיין חן און עכטקייט.

אָפּאַטאָשו האָט אָבער ניט נאָר געשילדערט מענטשן פון דער אונטער־וועלט, ער האָט אויך מענטשן פון נויט און אָרעמקייט. עס האָט אים געצויגן צום פאָלקס־מענטשן, וואָס איז שטום, טראָגט אין זיך דעם צער אָן שום פּראָטעסט. אין דער דערציילונג „טרעמפּ", שטייט דער מענטש אין אַ פּראָסטיקן טאָג אויפן שאָסע און וואַרט עמיצער זאָל אים געבן אַ נאַכטלעגער. וועלוולען אין „אַרבעטלאָזער" ווייל די באַלעבאָסטע ניט אריינלאָזן אין צימער ווייל ער האָט ניט געצאָלט קיין דירה־געלט. אין „שיך־פּוצער", וואַרט דער בחור, זומער און ווינטער לעבן „סאָבוועי"־אַריינגאַנג. די בילדער פון זיין בוך דערציילונגען „מענטשן און חיות" און פון ניו־יאָרקער „איסט־סאַיד", אומעטום שילדערט ער דעם דלות פון די אימיגראַנטן און די צדקה־אַנ־שטאַלטן, וואָס „כאַפּן נשמות" פאַרן ביסל געקעכטס, וואָס זיי גיבן די אָרעמע מענטשן. די דאָזיקע לייט קויפן אויס זייערע חטאים מיטן געלט, וואָס זיי זיינען מנדב פאַר סינאַגאָגע סאָון טעמפּלען, וואו זיי ווערן די דעה־זאָגער.

אָפּאַטאָשו איז געווען דער מייסטער פון דער קורצער דערציילונג און פון ראָמאַן. איןביידע זשאַנערן איז ער געווען קורץ און צמצום׳דיק. אפילו אין זיין רחבות׳דיקן ראָמאַן איז פאַראַן די קאָנדענסירטקייט. ז

אָפּאַטאָשו איז איינער פון די מייסטער־בויער פון היסטאָרישן ראָמאַן. ווי אַן אַרכעאָלאָג אין די טיפענישן פון היילן און בערג־שפּאַלטן, אַזוי האָט ער זיך געגריבלט אין דער קולטור־היסטאָרישער פאַרעגאַנגענהייט פון יידישן פאָלק. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך בקיאות אין תורה און אין וועלטעלכקייט און ער האָט געזאָגט נחמן מייזליך, אַז ער קאָן שילדערן לויט דעם אויסזען פון אַ יידישער שטאָט, דאָס פאַרגאַנגענע לעבן ביי יידן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. אין די „פּוילישע וועלדער", „רבי עקיבא" און „בר־כוכבא", האָט

## יוסף אָפּאַטאָשו און זיין שאַפן

ער אָפּגעשפּיגלט די הערָאאישע עפּאָכעס פון יידן.

אין היסטאָרישן ראָמאַן „רבי עקיבא" האָט ער געשילדערט דאָס יידישע לעבן, בעתן גרויסן אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער אימפּעריע אין פּאַרצייטיקן ארץ־ישראל. ר' עקיבא איז געווען דער אידעאָלאָג פונעם בר־כוכבא אופשטאַנד, אין פּרעכטיקע בילדער שילדערט ער די סצענעס פון די קאַמפן און דער באַלאַגערונג פון דער פעסטונג־שטאָט ביתר, איר פאַר־טיידיקונג און מאַרטיראָלאָגיע.

אין „פּוילישע וועלדער", אַ ראָמאַן וועגן דעם אָנטייל פון יידן אינעם פּוילישן אויפשטאַנד קעגן צאַרישן רוסלאַנד. אין 1863, האָט ער פאַרברויכט אַ שלל מיט עטנאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן יידן אין פּוילן. דער ראָמאַן, וואָס איז פאַרבליבן דעם שרייבערס קרוין־ווערק, איז אייגנטלעך אויטאָ־ביאָגראַפיש. דאָס איז די דורות'דיקע געאָנאַלאָגיע פון אַ זיידן, אַ זון און אַן אייניקל, וואָס זיינען געבוירן אין די „ליפּאָוויצער וועלדער" און האָבן דאָרט געלעבט זייער שטייגער לעבן. געווען איז עס אַ פּאַרוואָרצלט יידיש לעבן, כאָטש די צייט האָט זיך אָנגעהויבן איבערגעשטאַלטיקן צוליב די נייע ווינטן פון דער עפּאָכע אינעם ניינצנטן יאָרהונדערט. אָפּאַטאָשו שילדערט דאָרט ברייט די חסידישע הויפן פון קאָצק און גער, וואָס האָבן שוין אָנגע־הויבן זיצרעכן אויפן וועג פון זייער דעקאַדענישער ירידה.

דער יונגער יוסף האָט צוגעזען די פלעיאַדע מענטשן פון זיינע משפחות. אויך אַרום משכילים און רעוואָלוציאָנערע יוגנט. אין צווייטן טייל — 1863 — באַקאַנט ער אונדז מיט דעם העלד אין פּאַריז, וואו ער גרייט זיך פאַרן אויפ־שטאַנד. דאָרטן פירט ער אַרויס די רעוואָלוציאָנערע פּרעזענלעכקייטן, אויף דער עמיגראַציע. וואָס האָבן געגרייט דעם פּוילישן אויפשטאַנד און אויך דעם „פרילינג פון פעלקער" אין איטאַליע און אונגאַרן. ער שילדערט אויך מרדכיס צוריקקער קיין פּוילן, זיין אָנטיילנעמען אין די שלאַכטן און זיין אַנטוישונג, ווען ער טרעפט זיין פאָטער הענגען אויף דער תליה.

אין ראָמאַן „אַליין", וואָס איז דער דריטער טייל פון דער טרילאָגיע,

## נתן פּאָדעמבערג

ווערן אַרויסגעפּירט די העלדן פון דער וואַלד־משפּחה. די געטרייע הויז־פרוי, ברײנע, די טאָכטער פון עם פאַכטער, רחל, וואָס דערטרינקט זיך נאָכן האָבן איר קינד און דעם סטודענט קראָנענבערג. רחל איז סימפּאַטיש צום אויפשטאַנד אָבער זי פאַרמאָגט ניט דעם כוח צו רעוואָלטירן אין דער פרום־פּאַטריאַרכאַלער סביבה פון אירע עלטערן. דער סוף איז, אַז זי האָט חתונה מיט אַ חסידישן בחור, נאָר אין דער פאַנטאַזיע „לעבט" זי מיטן סטודענט. רחל אַנטלויפט אין מיטן נאַכט. דער יידישער וואַלד — דער סימבאָל פון יידישן משפּחה־לעבן — „ווערט קלענער, איינגעשרומפּענער". די עלטערע וואַלד־יידן שטאַרבן אויס און דאָס בוך פאַרענדיקט דער מחבר מיט די ווערטער: „איך בין דער לעצטער פון דער משפּחה".

„פוילישע וועלדער" איז אַ ראָמאַן, וואָס קאָן פאַרגליכן ווערן צו אַ גרויסן ברייט־שטראָמיקן טייך, וואָס הויבט זיך אָן שמאָל און ציט זיך אַוועק אַלץ ברייטער און ברייטער. אַזוי איז אויך געוועזן אָפּאַטאָשוס שאַפן. פון דער קליינער דערציילונג — צום גרויסן היסטאָרישן ראָמאַן.

# ז. וויינפּער — זיין פּאעטישער גאַנג



„און איך וועל מיט דיר,
דערגרייכן די טיר,
פון גאָר אַן אַנדער לעבן,
וואו וואונדער־האַרמאָנישע געוועבן,
וועלן אין פרידלעכן שפּיל,
זיך שפּילן פרידלעך און שטיל".

וויינפּער האָט די טיר „ביט דער־גרייכט". ער איז פּלוצלונג געשטאָרבן דעם 26־טן יאַנואַר, 1957, אין עלטער פון 64 יאָר, אין מיטן בליענדיקע און שעפערישע יאָרן. ער האָט איבערגע־לאָזט דער יידישער ליטעראַטור עט־לעכע און צוואַנציק ווערק: לידער, ראָמאַנען, עסייען און בילדערישע איינ־דרוקן.

זעלטן, אַז אַ שרייבער זאָל אַזוי וואונדערלעך צונויפגיסן אין איין האַרמאָנישער גאַנצקייט דאָס שריפטעלעכע און גערעדטע וואָרט. וויינפּער האָט עס געטאָן, ער איז געווען דער באַראַדאָוואָליעץ" פון יידישן וואָרט. וויינער איז אַרומגעפאָרן איבער פאַרשיידענע שטעט פון אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער און געבראַכט דאָס יידישע קולטור־וואָרט אין די היימען פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. זיין באַזוך אין שטאָט און זיינע פּאָעטישע רעפע־ראַטן, יום טוב און דערהויבונג. דאָס יידישע וואָרט איז געוואָרן חשובער. ער האָט אויפגעוועקט דעם פאַרלאַנג צו קויפן אַ בוך און דעם אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכע ענינים.

ז. וויינפּער איז אויפגעוואַקסן אין אַ שטרענג־רעליגיעזער סביבה. ער האָט געלערנט פון זיין טאַטן, אַ שמש אין אַ בית־מדרש, אַז „גאָט שפּייזט

## נתן פאָדעמבערג

אַלע באַשעפעניש׳ן אויף דער ערד״ און ניט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס די ייִדן, וואָס לערנען גאָטס תורה דאַרפן לעבן אין דלות, און פאַרוואָס זיין מאַמע, די פעדער־פליקערין, וואָס האָט יעדן טאָג געדאַוונט — דאַרף באָרגן אַ לעבל ברויט ביי אַ שכנה „דעם הונגער פון די קינדער צו שטילן״. ער האָט גע־לערנט די עטישע לערעס פון יושר און רחמים און געזען דעם תהום צווישן עשירות און אָרעמקייט. דעם דרך־ארץ פאַרן גביר און די גרינגעשעצונג פון באַלעמעלאָכע; געזען דעם גביר ביי דער מזרח־וואַנט און דעם אביון ביי דער טיר.

ער האָט געהערט, אַז אין אַנדערע שטעט קומט אויף אַ „ניי לעבן״ און עס האָבן זיך אין אים אָנגעהויבן „וועבן נייע געדאַנקען״. ער איז אַוועק־געפאָרן קיין וואַרשע, איז דאָרט וואָכן לאַנג אַרומגעגאַנגען אין אַ קויטיק העמד, געליטן הונגעראון געוועזן „ווי אַ זעמדל אין דער מדבר״ (פּיניע). נאָר וואַרשע האָט אין אים אויפגעוועקט „אַ ווילן צו ליכטיקע צילן״. ווען ער איז אַוועק אין דער ברייטער וועלט, האָט ער מיט געמונען אַ „קערנדל״, וואָס „איציק דער פאָרשטייער״ פון ערגעץ אויף אַ בוידעם־שטיבל, האָט אים מיט־געגעבן. ער האָט דאָס קערנדל פאַרזייט און עס איז אויפגעגאַנגען אַ שפע.

ווײַנפּערס דיכטערישער וועג איז געווען פול מיט אומרו און געראַנגל. ביים אָנהויב פון זיין שאַפן האָט ער זיך געלאָזט פירן פון אייגענע עמאָציעס און שטימונגען. ער האָט געזוכט אָן אַן אידעע און ציל. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון שיין־שרייבעריי און דער קלאַנג פון פערז איז ביי אים געווען דער עיקר פון ליד. אין אַמעריקע איז ער פאַרכשופט געוואָרן פון די שטאָ־לענע גיגאַנטן, די מאַסיווע געביידעס און ניט געזען די נויט. אין זיינע ערשטע קינדער־לידער זעט מען ניט דאָס באָרוועסע ייִנגעלע און ניט דעם קרעכץ פון טאַטן און דעם זיפץ פון אַ מאַמען. סעמי, דער שיך־פוצער, פאַרדינט געלט און ברענגט די קינדערלעך אַהיים נאַשערייען (דער גילדערנרע האָן). די לידער שאַפן דעם איינדרוק, ווי דער פּאָעט וואָלט גענומען די קינדער אין אַ שיינעם גאָרטן, אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקן, וואו זיי שטיפן, לאַכן און שפּילן זיך און קוקן ניט אַריבער פון „יענער זייט פּאַרקן״.

## ז. ווײַנפּער — זײַן פּאָעטישער גאַנג

זײַן נאָענטער און אינטימער חבר, משה לייב האַלפּערן האָט גע׳טענה׳ט צו אים „גלאַט שײנע ליטעראַטור האָט ניט קײן זין און הײַנט אוודאי ניט! מען מוז שטײן אינגאַנצן מיטן פּנים צום לעבן מיט דער אָרעמשאַפט, אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט״. צווײ געפילן האָבן זיך אָנגעהויבן ראַנגלען אין דיכטערס וועזן. אײנער האָט געזאָגט: „דאָס איז ניט דער וועג!״ דער אַנדערער האָט געזאָגט: „דאָס דיכטערישע וואָרט איז גענוג אויסצובעסערן דעם מענטשן״, „דער מענטש דאַרף אַ שאַרפע רוט״. ווי ווײַנפּער ברענגט אַרויס אין זײַן פּאָעמע „דער באָרוועסער ברודער, מײַנער״.

„איך בין אַ פּאָעט. איך האָב מײַן פאַרמעג אַ וואָר
וואָס כישופט פּעדים גאָלדענע אַרויס פון יעדן וואָרט.

דער באָרוועסער ברודער:
דײַן וואָרט פאַלט, ווי אַפּיום סמ׳יקער אויף יעדן אָרט.
זעסט די פאָן? זעסט ווי רויט? דאָס איז בלוט פון אונדזער לײַב.
די האַנט וואָס האָט געפּאַרבט מיט אונדזער בלוט,
באַשטראָפט מוז ווערן, ניט מיט „וואָרט״ נאָר מיט שאַרפער רוט.

דער דיכטער:
אַ שאַרפע רוט אויף מענטשנס לײַב? און איך?
אַ, גרויל מײַנער; ווי קען איך נעמען אַזאַ שווערן יאָך אויף זיך?
אַ מענטש ווי איך, וואָס האָט פון אײביק אָן געטראַכט,
אַז אַ האַנט, וואָס שלאָגט, באַווײנט אַלײן זיך אין איר שאַנד;
אַז הײליקער פון אַלץ אויף דער ערד איז דעם מענטשנס לײַב;
אַז הײליקער פון אַלץ אויף דער ערד איז אַ מענטשנס הויט;
נאָך הײליקער פון אַ פאָן, וואָס איז רויט״. .... ....

דער ויתרוצצו האָט ווײַנפּערן אַוועקגעפירט פון זײַן דיכטערישן אָנהייב. דאָס געפליגלטע וואָרט האָט פאַרלוירן דעם חן און ער האָט אָנגעהויבן זינגען מיט אַנדערע טענער. ער איז מער ניט געגאַנגען מיט „זײַטיקע וועגן״,

## נתן פּאַדעמבערג

ער איז אַרויף אויפן ברייטן טראַקט „וואו מען זיצט ניט קיין קרעכצנדיקע און וויינענדיקע און מען וואַרט ניט אויף משיחן" (שרייבער און קינסטלער).

וויינפּער האָט גערופן זיינע קאָלעגן דיכטער „פאַרלאָזן די האַרף און נעמען נאָדל־פאָדעם אין די הענט". ער האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יובל׳ען פון שאַפן געלויבט וואָס ער איז געגאַנגען און גייט ווייטער — „דער וועג שווערער, נאָר מיר וועלן ניט מיד ווערן". דער פאַשיזם האָט אויף אַ רגע איינגעשטילט די שטים פון בטחונ׳דיקן זינגער. שווער געווען צו זינגען ווען „כ׳האָב אַ דריטל פון מיין פאָלק געפירט צום קבר, אַז לאָמפּ אין אונדזער בית־מדרש איז אויסגעלאָשן געוואָרן" און דאָס זעלבע ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון צווייטן חורבן אין אַ לאַנד, וואָס ער האָט פריער באַזונגען. אויף די אומגעבראַכטע חברים זיינע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ער געזאָגט אַ „קדיש".

אַמעריקע האָט וויינפּער שטאַרק ליב געהאַט און ער האָט געזונגען וועגן איר מאָרגן. אין די צייטן פון אַ רעאַקציאָנערן פּעריאָד האָט ער געוואָרנט קעגן דער רשעות און שנאה, געצאָרנט קעגן די וואָס גראָבן אונטער די יסודות פון פרייהייט, די פאַרשוועכער פון די אידעען פון אַ לינקאָלן, דזשעפערסאָן און עמערסאָן. אָבער ער האָט ניט פאַרלאָרן דעם טיפן גלויבן, אַז „דער ווינט צעברויזטער, וועט ניט פאַרצערן דאָס ליד פון באַנער און שטערן".

וויינפּער האָט כמעט ניט קיין טרויעריקע לידער. אפילו ווען זיין געמיט איז געווען פאַרוואָלקנט האָט ער זיך געמונטערט:

„אַזאַ כמורנער פרימאָרגן פּרעסט היינט אויף מיינע שויבן.
אויף מיין טיש אַ ליד נאָך נעכטן אָנגעהויבן. ציטערט עס,
ווי אַ קינד אין מוטערס בוזם, אינמיטן געבוירן.
וועט דאָס ליד, אין אָט־דער כמורנעקייט געבוירן ווערן?"

פונקט ווי אַ כמאַרע צעגייט זיך, ווען די זון צעליכטיקט זיך אין הימל, אַזוי פאַרשווינדט דער אומעט פון זיין ליד, און אַ פריידיקער בטחון־טאָן הייבט אָן דאָמינירן.

## ז. וויינפער — זיין פּאָעטישער גאַנג

וויינפּער איז געווען אַן אַקטועל־צאַפּלדיקער דיכטער. זיין דיכטערישער קוואַל איז כסדר געפּלאָסן. געוועזן צייטן ווען זיין ברויזיק וואָרט האָט זיך אַביסל איינגעשטילט. ער איז אַוועק פון דער קאָכענדיקער גרויס־שטאָט צום באַטור־וואונדער פון אַריזאָנאַ און אויסגעזונגען עטלעכע און זעכציק לידער וועגן דער נאַטור־פּראַכט פון „גרעינד קעניאָן". ווי אַ רעליגיעזער מענטש, וואָס באַהאַפט זיך מיט גאָט ביחידות און גיסט אויס זיינע דבקות'דיקע געפילן, אַזוי האָט זיך וויינפּער באַהאַפטן מיט דעם מעכטיקן נאַטור־וואונדער און אַריינגעזאַפּט דעם כישוף, וואָס ליגט אויסגעשפּרייט אויף די מיילן־ווייטע און קופּער־קאָלירטע שטיינער און טורעמס, וואָס וואַקסן אַרויס פון דעם גרויסן טאָל אין אַריזאָנאַ. ער האָט אויסגעדיכטעט דעם אומרו און די שטילקייט, דעם חלום און די וואָר און דערביי ניט פאַרגעסן זיין שליחות:

„הער! הער! אַ ליד גייט־אויף צעהעלט, אויב ניט היינט, וועט מאָרגן דאָך.
און זינגען וועט ער פּראַנק און פריי.
פאָראויס! פאָראויס! עס איז כדאי".

אין די „נביאים" האָט וויינפּער אויסגעדיכטעט משה'ס פרייהייטס־קאַמף, די עטישע אידעען פון עמוס, ישעיה און ירמיהו. די ברויזנדיקע שטראָף־רייד קעגן פאַרדאַרבער האָט דער דיכטער באַלעבט אין דער מאָדער־נער שפּראַך, זיי געמאַכט פאַר פאַרגייער און מיטצייטלער פון אונדזער דור. אין זיין פּאָעמע וועגן נביא יחזקאל „בן אדם" האָט ער געדיכטעט וועגן די שטרויכלונגען און ראַנגלענישן פון די היינטצייטיקע „בן־אדמ'ס". ער זאָגט אונדז אַז דער וועג צו — „גרויסער פרייד און באַנייאונג, צום העלן יום־טוב פון באַפרייאונג, איז ניט אויסגעפּלאַסטערט מיטן ווייכע טעפּיכער און דאָס געפּעק, וואָס מען טראָגט, איז ניט גרינג. שווער איז דער נסיון צו גייך אַנטקעגן דעם „ווירבלדיקן ווינט און בילנדיקע הינט", מען דאַרף האָבן אַ סך גלויבן און עקשנות אין גאַנג צום ציל.

דער מענטשלעכער מאָטיוו איז ביים דיכטער געווען איינס מיט זיין נאַציאָנאַלן מאָטיוו. ער האָט באַזונגען יידישע און מענטשלעכע פּראָבלעמען און געשטאַלטן. ער איז געווען אַ דידאַקטישער דיכטער, אַ דיכטער פון דער

## נתן פאָדעמבערג

בעזעלשאַפטלעכער טעמאַטיק אָבער די דידאַקטיק האָט ניט פאַרשלונגען זיין ליריזם. זיין דיכטונג איז ניט אַזוי געווען גרויס אין בילדערישן וואָרט ווי אין קלינגענדיקן ריטם. ער איז געווען אַ דיכטער פון גלויבן און בטחון, קיינמאָל ניט פון יאוש און פאַרצווייפלונג. די סתירות׳ן, די ווידערשפּרעכנ־דיקע טענער אין זיין ליד זיינען געווען געמיט־אויסגוסן, ניט קיין רעזולטאַט פון אַ וואַקלדיקן טראָט.

ז. וויינפּער קאָן באַצייכנט ווערן ווי אַ דיכטער אַ גייער. ער איז געגאַ־נגען דעם וועג צום „בייעם מאָרגן״.

# נחמן מייזיל — ליטעראַטור-פאָרשער און קריטיקער



נחמן מייזיל איז געבוירן געוואָרן אין קיעוו, ביי אַ משפחה פון דור-דורות רבנים — פון טאַטנס צד, און אַ משפחה געזונטע און קרעפטיקע אוקראַינער פאָלקס-מענטשן, — פון דער מאַמעס צד. ער האָט פון זיין פריסטער קינדהייט אָן איינגעזאַפּט אַ סך תורה פון די בעסטע מלמדים, און פון זיין רבנישער משפחה. ער איז זייער פרי געוואָרן באַהאַוונט אין דער העבּרעאישער, יידישער און וועלטלעכער ליטעראַטור, און ווען ער איז אַרויס פון די ענגע ישיבה-ווענט, אין דער „בריי-טער וועלט" אַריין, איז ער שוין געווען באַלאָדן מיט אַ גרויסן סכום וויסן און האָט באַלד אָנגעהויבן שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָל אין דער קיעווער יידישער ליטעראַטור-סביבה.

נחמן מייזיל איז אַריין אין דער ליטעראַרישער וועלט אַ צייטיקער, אַ רייפער. זיינע ערשטע טריט האָט ער געמאַכט אין דער קיעווער העברעאישער וואָכנשריפט „הזמן". ער איז באַווירקט געווען פון א יונגער, העברעאישער שרייבער-גרופּע: פיכמאַן, בערדיטשעווסקי, ברענער און אַנדערע. ער האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף שרייבן אין דער שפּראַך, וואָס די יידישע מאַסן פאַרשטייען און ער איז צוגעשטאַנען צו דער „קיעווער גרופּע" פון יידישע שרייבער: דוד בערגלסאָן, דער נסתר, דאָברושין און אַנדערע. זיי האָבן זיך געשטעלט אַ ציל צו פאַרשפּרייטן דאָס יידישע וואָרט צווישן די יידישע

אַרבעטער־מאַסן. מייזיל האָט אָנגעהויבן איבערצוגעבן בעל־פּה און בכתב די שאַפונגען פון די יידישע קולטור־אוצרות.

ער האָט אַרויסגעוויזן ליבע און אחריות צום יידישן וואָרט ביי זיינע ערשטע טריט. ער האָט געגרינדעט די ערשטע קינדער שול „דעמעווקע", האָט איבערזעצט ביכלעך פאַר קינדער פון דייטש אויף יידיש און אָנגעהויבן שרייבן אַרטיקלען וועגן די שאַפער פון יידישער און העברעאישער ליטע־ראַטור. זיין ערשטער ליטעראַטור־קריטישער אַרטיקל איז געווען „נאָטיצן פון אַ לייענער", אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דוד בערגלסאָנס ראָמאַן „אַרום וואָקזאַל" (קיעווער אַלמאַנאַך, 1910). באַלד איז ער געוואָרן געהילפס־רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „די יידישע וועלט" מיט בערגלסאָנען און נאָכדעם רעדאַקטאָר פון זשונאַל ׳פון צייט צו צייט".

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אַ סך שטעט זיינען פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן, און אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז עוואַקואירט געוואָרן, האָט מייזיל פאַרלאָזן קיעוו און איז דערפאָרן ביז פערם, ניט ווייט פון סיביר. דאָרט האָט ער געאַרבעט אַלס אַן אָנגעשטעלטער אין אַ זעג־מיל. אונטער שווערע באַדינגונגען האָט ער גע־פונען צייט צו דערמוטיקן און פאַרגרינגערן דאָס לעבן פון די יידישע היימ־לאָזע.

נאָך דער רעוואָלוציע, אין 1917, איז ער צוריקגעקומען קיין קיעוו און האָט פאַנאַדערגעוויקלט אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט. ער האָט געהאָלפן אין דער גרינדונג פון „קיעווער פאַרלאַג" און „קולטור־ליגע", מיטגעהאָלפן אַרויסגעבן די זאַמלביכער „אייגנס" און געשריבן וואָגיקע ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן. מייזיל איז באַקאַנט געוואָרן ווי אַן אונערמידלעכער אויס־טייטשער פון יידישע שרייבער. עס האָט געהערשט אַן אינטימע פאַרבינדונג צווישן אים און די שרייבער און ער איז געוואָרן פּאָפּולער צווישן די מאַסן. מען האָט אים דערוויילט אַלס דעפּוטאַט אין קיעווער אַרבעטער־ראַט.

פופצן יאָר האָט מייזיל געאַקערט און געזייט דעם קולטור באָדן. עס זיינען אויסגעוואָקסן הונדערטער קינדער־שולן, פּעדאַגאָגישע סעמינאַרן. עס יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, פּעריאָדישע צייטשריפטן. עס איז צוגעקומען

## נחמן מייזיל — ליטעראַטור־פאָרשער און קריטיקער

אַ פלעיאַדע פּראָזאַאיקער, דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער, קינסטלער, מאָלער און געזעלשאַפטלעכע טוער. ווען מייזיל האָט פאַרלאָזן קיעוו האָט ער דאָרטן איבערגעלאָזט הונדערטער בויער און שאַפער און אַ שפּרודלדיק יידיש קולטור־לעבן, וואָס ער האָט געהאָלפן אים פאַרפלאַנצן און פלעגן.

נחמן מייזילס צווייטער שעפערישער פעריאָד האָט זיך אָנגעהויבן אין וואַרשע, וואו ער האָט זיך באַזעצט אין 1921. ער האָט דאָ געהאָלפן בויען יידישע קינדער־שולן, דעם „יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט („ייוואָ") און אַנדערע קולטור אינסטיטוציעס. ער האָט געגרינדעט די וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער" וואָס איז דערשינען כמעט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, און האָט דערצויגן אַ בעסערן יידישן לייענער פון בוך און באַדיי־כערט דאָס יידישע לעבן פון פוילן. אין וואַרשע האָט מייזיל פאָרגעזעצט אויף אַ שעפערישן אופן זיין פריערדיקע קיעווער אַרבעט.

צום גליק איז מייזילן געלונגען צו פאַרלאָזן פוילן פאַר דער מגיפה פון היטלעריזם. ער האָט פאַרלאָזט דעם גרויסן יידישן צענטער פאַר זיין טראַגישן אומקום. און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן מייזילס דריטער פעריאָד — אין אַמעריקע, וואוהין ער איז געקומען פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס (איקוף) אין פּאַריז, אין 1938.

אין ניו יאָרק האָט ער זיך באַלד אַריינגעוועבט אין יידישן געזעל־שאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון אַמעריקע. ער האָט זיך געווידמעט דער יידישער קולטור מיט זיין כאַראַקטעריסטישן אימפּעט און ענערגיע. זיין רעדאַקטאָרישע און פאַרלעגערישע אַרבעט אין נייעם לאַנד האָט ער באַטראַכט ווי המשך פון זיינע טעטיקייטן אין קיעוו און וואַרשע.

„מיין ציל איז וואָס שאַרפער אַרויסברענגען דאָס שעפערישע יידישע לעבן, דעם געדאַנק און דער עיקר די שאַפונגען פון די מיטצייטלער קינסט־לער פון יידישן פאָלק און די נאָענטע פעלעקר און ליטעראַטורן, מיט וועלכע מען איז פאַרבונדן ניט ווייניקער ווי מיט די אייגענע שאַפער" (צווישן חורבן און אויפבוי).

מייזיל איז געווען אַ פילזייטיקע ליטעראַרישע פערזענלעכקייט. אַ

רעדאַקטאָר, פאַרלעגער און פאַרוואַלטער; אַן אַרבעטזאַמער און פלייסיקער. ער האָט געקאָנט שרייבן פון 12 ביז 14 שעה אַ מעת-לעת, האָט אַליין געקענט אויספילן אַ זשורנאַל, אפילו אַ צייטונג. ער האָט אַ גאַנץ לעבן געהאַלטן אין קלייבן און צוגרייטן מאַטעריאַלן פאַר אַנטאָלאָגיעס און פעריאָדישע שריפטן; געפירט קאָרעספּאָדענץ מיט שרייבער, קולטור-טוער און קולטור-אינסטיטוציעס, געזאַמלט אַרכיוון און געהאַלטן אין איין לייענען. ער איז אָבער ניט געווען קיין יושב אוהל, אַ קאַבינעט-מענטש, נאָר האָט געהאָלפן בויען קולטור-אינסטיטוציעס. ער איז, ווי ער האָט אַליין געשריבן וועגן זיך, תמיד געשטאַנען אויף די פּאָזיציעס פון יידישן קולטור-פּראָגרעס. „ניטאָ פאַר מיר" — שרייבט ער — סתם פאַרעווע, בלאַנדזשענדיקע קינסטלער, נאָר שרייבער, וואָס גייען, פירן לערנען מיט דער צייט ווערן פון איר געפירט. איך בין אַריינגעוועבט אין יידישן קולטור-געזעלשאַפטלעכן לעבן".

דער וואָס וויל אַרומנעמען די זעכציק יאָר שאַפן פון נחמן מייזיל וועט האָבן דעם גורל פון יענעם וואַנדערער, וואָס האָט געהאַלטן אין איין קלעטערן צו דערגרייכן דעם העכסטן באַרג-שפּיץ. און ווען אים איז נאָך אַ מגעהייער-אָנגעשטרענגטער מי געלונגען אַרויפשטייגן אויפן העכסטן פּונקט, האָט זיין אויג ניט געקאָנט אַרומכאַפּן די גרויס און דעם פאַרנעם פונעם ריזן-באַרג. שווער אַרומצונעמען דעם ריזיקן מאַטעריאַל פון דער ליטעראַרישער פערזענלעכקייט נחמן מייזיל.

אין זיין באַלערנדיקער קלענערער אַרבעט „דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור" גיט מייזיל, אין קאָנדענסירטער פאָרם, אַ טיפן אַנאַליז וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור וואָס ער טיילט איין אין פינף פעריאָדן. ער הייבט אָן פון די זיבעציקער יאָרן אינעם נייַנצנטן יאָרהונדערט און דערגרייכט ביזן לעצטן יידישן חורבן אונטערן נאַציזם. ער ברענגט די נעמען פון די שרייבער פון יעדן פעריאָד, די הויפּט-מאָטיוון פון זייער שאַפן, דעם זשאַנר און די טעמאַטיק; די פּעיזאַזשן, וואָס זיי האָבן געמאָלן, און די ראָל, וואָס זיי האָבן געשפּילט אין יידישן קולטור-לעבן.

ניט אַלע ליטעראַטור-קריטיקער זיינען פאָרשער און ניט אַלע פאָרשער זיינען קריטיקער. נחמן מייזיל איז געווען געבענטשט מיט ביידע

טאַלאַנטן. איין זשאַנר האָט פאַרגאַנצט דעם אַנדערן. די דאָפּלטע אייגנשאַפט האָט אים געהאָלפן אַרויסאַנטפּלעקן דעם עסענץ פון אַ ווערק און די געשטאַלט פון דער שרייבערישער פּערזענלעכקייט.

מייזיל האָט אין זיין ליטעראַטור־קריטיק געזוכט די השפּעות, די איינפלוסן פון דער סביבה, די קוואַלן פון וועלכע דער שרייבער האָט געשעפּט זיין יניקה און די מאָטיוון פאַר דעם אָדער יענעם טיפּ. ער האָט געזוכט די סיבות פון דעם ליטעראַרישן בנין, מער ווי דעם צוזאַמענשטעל פון דער געביידע. עס האָבן אים מער אינטערעסירט די כוחות, וואָס האָבן גורם געווען צום שאַפן פון אַ ווערק, ווי דער אופן, ווי אַזוי אַ ווערק איז געשריבן. ער האָט געלייגט דעם הויפּט־געוויכט אויף דעם „פאַרוואָס״, און ניט אויף דעם „ווי אַזוי״. ער האָט געקענט דעם שרייבערס לעבן, זיין סביבה און זיין ליטעראַרישן גאַנג, ער דערציילט וועגן זיינע באַגעגענישן מיטן שאַפער און גיט איבער זכרונות וועגן זיין לעבן. פאַראַן דאָ ליבשאַפט און אינטימע וואַרעמקייט. דער לייענער באַקומט אַן אַלזייטיק בילד פון דער שרייבערישער פּערזענלעכקייט.

אין זיינע צוואַנציק אָפּהאַנדלונגען „פאַרגייער און מיטצייטלער״, וואָס הויבט זיך אָן מיט אייזיק מאיר דיק, וואָס האָט געלעבט מיט הונדערט יאָר צוריק, באַקענען מיר זיך מיט די דאַטעס, די מיינונגען וועגן די שרייבער און מיט דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַטמאָספערע. מיר האָבן אַ קלאָר בילד פון דער געזעלשאַפטלעכער ראָל, וואָס דער שרייבער האָט געשפּילט און וועגן די מאָטיוון, וואָס האָבן אויסגעקריסטאַליזירט דאָס יידישע קולטור לעבן אין יענער צייט. אין דער עסיי וועגן גרויסן דיכטער חיים נחמן ביאַליק, מייזילס אַ מיטצייטלער, ווערט מען דערשטוינט פון דעם ריזיקן מאַטעריאַל, וואָס מייזיל ברענגט כדי פאַרצושטעלן די דאָזיקע גרויס־קינסטלערישע געשטאַלט. ער עפנט פאַר אונדז די באַהאַלטענע קעמערלעך און ווינקעלעך פון ביאַליקס שאַפן. ער פאָלגט נאָך אַלע וועגן און שטעגן וואו דער דיכטער איז געגאַנגען, און אַנטפּלעקט פאַר אונדז אויך די ווידערשפּרוכן אין סאַמע מהות פון ביאַליקס געמיט. מיר הייבן אָן פאַרשטיין די מאָטיוון,

וואָס האָבן באַוואויגן דעם דיכטער צו שאַפן זיינע מאָנומענטאַלע פּאָעמען „המתמיד״ און די „שחיטה־שטאָט״.

אין דער עסיי וועגן זיידן מענדעלע, באַווייזט ער דעם גאַנצן מצב פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער עפּאָכע פונעם קלאַסיקער. ער באַווייזט אונדז, פאַרוואָס מענדעלע האָט אָנגעהויבן שרייבן יידיש. ער דערקלערט אונדז די סיבות און די באַוועג־קרעפטן פון דער תקופה. אין דער אָפּהאַנדלונג שלום עליכם איז ער אויסן צו אַנטפּלעקן דעם קלאַסיקער, ווי דעם גרויסן „שימל־קראַצער״, דעם אָפּריייניקער פון דער פאַרפּעסטעטער לופט אין יידישן לעבן. ער שטעלט זיך געענוי אָפּ אויף דעם גרויסן אומרו פון י. ל. פּרץ, וואָס איז געלאָפן פון איין טעמע צו דער אַנדערער.

מייזיל האָט קיינמאָל ניט געפּאַלמעסט קיין ליטעראַריש ווערק. ער איז ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ שיין געשליפן וואָרט, אָדער אַ פּאָעטישע פראַזע, ער האָט געזוכט דעם עיקר, דעם „פאַרוואָס״.

זיינע בעסטע און שלימות׳דיקסטע ווערק זיינען אָן שום ספק די מאָנאָגראַפיעס וועגן יצחק לייבוש פּרץ. די דריי ווערק: פּרץ און זיין דור שרייבער״, פּרצ׳עס לעבן און שאַפן״ און „פּרצעס בריוו און רעדעס״,שטעלן מיט זיך פאָר אַ ריזן בנין, אַ קאָלאָסאַלע פאָרשונג־אַרבעט. מיר שטוינען מיט וואָס פאַר אַ פלייס דער מחבר האָט שטודירט יעדער סקיצע, יעדער ליד, דערציילונג און דראַמע פונעם קלאַסיקער, און ווי אַזוי ער האָט געזאַמלט אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן פּרצ׳ן. מיר זעען אין די ביכער אַלע עטאַפּן פון דעם קלאַסיקער, פון זיין ערשטער פּאָעמע „מאָניש״ ביז זיינע שפּעטערדיקע סאָציאַלע ווערק. מייזיל האָט אַנטפּלעקט די מקורות פון דער רייכער און אייגנאַרטיקער, קאָמפּליצירטער פּערזענלעכקייט י. ל. פּרץ. ער האָט מיט די ווערק געשטעלט אַ מאָנומענטאַלן דענקמאָל דעם גרויסן שאַפער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

מייזילס סטיל איז פאַרשיידנאַרטיק. אַמאָל קאָן ער אין איין זאַץ אַרויסברענגען דעם גאַנצן מהות פון אַ שרייבער. צום ביישפּיל: „מענדעלע האָט זיך יאָרן לאַנג געוואַרעמט ביי אייגענע פייערן. ער האָט געשילדערט דעם עלנט, און די אָרעמקייט פון די גלופּסקער בלאָטעס״. „שלום עליכם איז געווען

פאַרטאָן אין דער וועלט פון די אייגענע פאַרשוינען, וועלכע ער האָט מיט־גענומען פון קאַסריל׳עווקע און יעהופעץ". „פרץ האָט געוויזן די שטילע, ציכ־טיקע נשמה־געשטאַלטן פון יידישן לעבן אין אַ העל־אויפלויכטנדיקן ליכט". „שלום אַש האָט אַרויסגעבראַכט דאָס אידילישע און פּאַטריאַרכאַלישע פון שלמה נגיד". „וויסנבערג האָט אַרויסגעבראַכט, דעם באַלמעלאָכע און דעם האָרעפאַשניק". — דאָס זיינען פּערל פון קינסטלערישער פּערפעקציע. ווייניק ווערטער און אַ סך געזאָגט.

ווען מייזיל איז אַוועק אין דער אייביקייט אין קיבוץ „אלונים", לעבן חיפה, ישראל, איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַ גרויס ליטעראַריש ליכט, וואָס האָט צענדליקער יאָרן געלויכטן אין אַלע יידישע ישובים. ניט געווען קיין איין פּונקט אין „קעניגרייך פון יידיש" וואו מייזילס יידיש וואָרט האָט ניט דער־גרייכט. ער איז דערצו געווען דער ענערגישער קולטור־בויער פון אונדזער צייט. זיין וואַרעמע און שטראַלנדיקע פּערזענלעכקייט, זיין חברשע באַציאונג צו שרייבער און לייענער, האָבן אים געשאַפן טויזנטער פאַרערער. מען האָט ממש באַוואונדערט די הויכע פיגור, וואָס איז געווען דער „מעין המתגבר", אַן אומאויפהערלעכער קוואַל. איבער אַלץ איז ער געווען דער גערטנער, דער פלאַנצער, דער וועכטער, דער שומר, דער שאַפער און בויער פון דער גרויסער יידישע ליטעראַטור אין צוואַנציקסן יאָרהונדערט.

# כאווער פּאווער — שרייבער פון די אָרימע



גרשון איינבינדער, וואָס האָט האָט אונטער זיין שפּילעוודיקן פּען־נאָמען, כ אַ וו ע ר־פּ אַ וו ע ר, אָנגעשריבן אַרום צוואַנציק ווערק, פאַרנעמט אַ חשובן אָרט אין דער יידישער פּראָזע.

פון זיין פריסטער יוגנט־אָן אין זיין היים־שטעטל, בערשאַד, אוקראַינע, האָט ער געהאַט אַן אינערלעכן דראַנג אויסצוטראַכטן און דערציילן פאַרשיידענע מעשות און געוואוסט, ווי זיי צוּפּאַסן צום געמיט פון די קינדער. די מעשהלעך זיינען אויך אינטערעסאַנט און שפּאַנענדיק פאַר דערוואַקסענע.

אין זיין ערשט מעשהלע, „צווישן חורבות״, מיט וועלכער ער האָט דעביוטירט אין „קיעשענעווער איד״, אין „צווישן חורבות״, זיינען קאָנטיק געווען די סימנים פונעם צוקונפטיקן פּראָגרעסיוון שרייבער. אין דעם העבּרעאישן מעשהלע האָט ער אַרויסגעבראַכט די קריוודעס פון אַ נאָרוואָס געבוירן ציגעלע, וואָס האָט טענות הלמאי מען מעלקט אויס די מוטער יעדן פרימאָרגן, אַז עס בלייבט ניט קיין ביסל מילך פאַרן ציגעלע. און עס מוז זיך האָדעווען מיט גראָז. ווען דאָס ציגעלע וואַקסט אונטער פאַרקויפט מען עס צום קצב. .

אָט־דער רחמנות געפיל איז שפּעטער געוואָרן אַ קען־צייכן פון כאַווער־פּאַווערס מהות. דער רחמים־געפיל איז קאָנטיק אין אַלע זיינע ווערק, באַזונדערס אין די קינדער־ביכער ׳לאַבזיק״, „וואָוויק״ און אַנדערע. שפּעטער האָט ער דעם מאָטיוו אויסגעדריקט דורך די טיפן און געשטאַלטן פון זיינע ראָמאַנען.

## כאַווער פּאַווער — שרייבער פון די אָרעמע

כאַווער־פּאַווערס קינדער־מעשות זיינען געווען אַ גרויסער ביישטייער פאַר דער יידישער קינדער־שול. די קינדער האָבן זיך געקוויקט מיט זיינע מעשות. „לאַבזיק" און „וואָוויק" זיינען ניט סתם קיין מעשהלעך וועגן צוויי היטעלעך; דאָס זיינען קינסטלערישע דערציילונגען מיט אַ טיף־סאָציאַלן מוסר־השכל. עס דערוועקט ביים לייענער אַ וואַרעמען געפיל צו אָרעמע קינדער, וואָס האָבן ניט גענוג עסן און אָנטאָן און וואו צו וואוינען. די מעשות רעגן אָן דאָס קינד צו פרעגן: 'פאַרוואָס איז עס אַזוי, פאַרוואָס קאָן ניט זיין אַנדערש?" דאָס זעלבע אויך אין זיינע קינדערשפּילן, איינאַקטערס, וואָס זיינען אויפגעפירט גע־וואָרן אין אַסך שטעט אין אַמעריקע און אייראָפּע.

כאַווער פּאַווער איז ניט געקומען קיין אַמעריקע מיט אָנגעלאָדענעם שטאָף פון דער אַלטער היים, ווי אַ סך פון זיינע חברים שרייבער. ער האָט באַלד ביים קומען אין זיין נייער היים גענומען שרייבן פון היגן לעבן. ער איז געווען פאַרוואָרצלט אין אַמעריקאַנער באָדן. די מענטשן און די סביבה׳ס, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט, שפּיגלען אָפּ דעם יידן אין אַמעריקע.

די „צען לאַנדסלייט", אַריבערגעקומענע פונעם קליינעם שטעטל טשע־רעמייעוו, זיינען פון פון דער קליינשטעטלדיקער סביבה איבערגעפלאַנצט גע־וואָרן אין דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט. די נאַאיווע, קליינשטעטלדיקע, טרוימערישע יונגעלייט, האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו דער האַרטער ווירקלעכ־קייט און אויפהערן חלומען וועגן דער אַלטער היים.

מאַניא באַלאַבאַן, אַ מיידל פון אַ נגיד׳ישער פאַמיליע אין טשערעמייעוו, וואָס אירע איידעלע פינגער, האָבן זיך צאַרט באַוועגט אויף די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ; דאָס מיידל, וואָס האָט געשפּילט ליבע־סערענאַדעס, האָט דאָ געמוזט נייען אַרבלען צו פרויען־מאַנטלען אין אַ פאַבריק. משה בוכבינדער, דער העברעאישער לערער, איז געוואָרן אַ פענצטער־וואַשער. פרויקע, אַ זון פון אַ רבנישער משפחה, איז געוואָרן אַ פאַרבער; ברוך־עליק, אַ באַלעבאַטישער ייד, וואָס האָט געוואָלט ווערן אַ רייכער געשעפטסמאַן, איז געוואָרן אַ צושניידער ביי פרויען־מאַנטלען, און ווערא, די קליינשטעטלדיקע אינטעליגענטקע, וואָס האָט געפירט ליבעס מיט יחסנישע יונגעלייט, האָט זיך ניט געקאָנט צופּאַסן צום „שאַפּ"־לעבן און האָט התונה געהאַט מיטן אַן עלטערן מאַן...

כאַווער פּאַווער שילדערט דאָ די איינוואוינער פון די אָרעמע אין

## נתן פּאָדעמבערג

די קעלערס און די „סלאָמס‟ פון דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד, טיפּן פון פאַר־שיידענע אימיגראַנטן־קינדער: איטאַליענער, נעגער, מעקסיקאַנער, יידן. די מערסטע, שוסטער, ׳פושקאַרט־פּעדלער‟. אַלע פאַרהאָרעוועט און פאַר׳דאַגה׳טע. זיי זיינען אומגעלאָפן צוואַנציק שעה אין מעת־לעת כדי זוכן ברויט פאַר זיך און זייערע משפּחות. ער שילדערט אויך די אָפּגעריסענע און פאַרוואָרלאָזטע הונגעריקע יתומים פון אַלטע הייזער, און קינדער, וואָס זיינען אויפגעכאָוועט געוואָרן אויף דער גאַס אָדער אין „רעפאָרם־שולעס. אַזעלכע זיינען מילדרעד, דאָס גאַסן־מיידל, לוסי, די אַלקאָהאָליקערין, מאַרטי, אַן אָנפירער פון אַ יוגנטלעכער באַנדע. אַלע האָבן זיך זייער שטייגער און פסיכאָלאָגיע.

„קלינטאָן סטריט‟ איז צופיל באַפעלקערט מיט כאַראַקטערן. עס מאַכט דעם איינדרוק ווי דער שרייבער האָט ניט געהאַט גענוג צייט זיי מאָלן מער באַריכות׳דיק און זייער פּרטים׳דיק. די אַלע טיפּן גייען פאַרביי, ווי פּאַ־סאַזשירן דורך אַ וואָקזאַל; זיי לויפן, זיי איילן זיך. ער ווייזט זיי פאָטאָגראַפיש, ניט רעטושירט. די געשעענישן זיינען צו עפּיזאָדיש. אַ סך בילדער און פאַר־שיידענע פּאָזעס, איינע קלענער פון דער אַנדערער און אַלע אין איין גרויסער ראַם, אַלע פון זעלבן קוואַל פון „אָרעמען און דערשלאָגענעם לעבן‟.

כאָ׳זער פּאָוועער האָט געגראָבן אין די טונקעלע טיפענישן פון „קלינטאָן סטריט‟, קלאָר און בילדלעך אַרויסגעבראַכט די טראַגעדיע פון יענער סביבה. „קלינטאָן סטריט‟ איז אַ דאָקומענט פון דער אָרעמקייט אין ניו יאָרק.

אַ נייע טעמע אין זיין שאַפן איז דאָס בוך „גיבורים אין דער נאַכט‟ און „זלמן דער שוסטער‟. די דאָזיקע ווערק האָט ער געבויט, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אויף „פרעמדן מאַטעריאַל‟. די ביכער זיינען געבויט אויף פּאַסירונגען וואָס מענטשן האָבן אים דערציילט און אויף דראַמאַטישע גע־שעענישן, וואָס אַנדערע האָבן דורכגעלעבט.

אין ׳גיבורים אין דער נאַכט‟ שילדערט ער דעם קאַמף פון די פּאַר־טיזאַנער אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. פּסח, דער הויפּט־העלד, איז אַוועק מיט זיין געליבטער אַרבעטן אויף אַ פאַרם. עס איז געווען אין דער צייט פון די נאַציס, וואָס האָבן געיאָגט די יידן. דער פאַרמער האָט אים אַוועק־

געשיקט.ביידע, פּסח און סאָניע, האָבן זיך פאַרבונדן מיט צוויי אוקראַינער פּויערים און געשאַפן אַ פּאַרטיזאַנישע גרופּע. פּסח איז געווען דער פירער. דער קאַמף איז געווען שווער, נאָר פּסח האָט געוועקט דעם גלויבן אין נצחון, גערופן צו מוט און העלדישקייט. נאָך עטלעכע יאָר ביטערע שלאַכטן האָט דער נאַצישער פראָנט צוזאַמענגעבראָכן און די סאָוועטישע אַרמייען זיינען אַריין אין בערלין.

פּלאַנמעסיק און אַרכיטעקטאָריש האָט פּאַווער געבויט אַלע געשעענישן. דער לייענער האָט דעם איינדרוק, אַז דער שרייבער איז אַליין געווען אויף די פּאַרטיזאַנישע שלאַכטפעלדער. דאָס בוך איז אַ מין כראָניק ,אָדער טאָג־בוך, וואָס פאַרצייכנט מענטשלעכע אָנשטרענגונג, העראָאיזם פאַר די קומענ־דיקע דורות. דער שרייבער וויל פאַרהיטן אַלע פּרטים פון דער נאַצישער פאַרדאַרבונג און מענטשלעכער גבורה פאַר די דורות. „גיבורים אין דער נאַכט" איז אַ דענקמאָל די פּאַרטיזאַנשע קעמפער, די גיבורים אין דער פינצטערער היטלער־נאַכט.

„זלמן דער שוסטער" איז אַ ביאָגראַפיש ווערק, וואָס דינט דעם מחבר דורך דער פּערזענלעכקייט פונעם יחיד, אַרויסצופירן די גאַנצע סביבה, דעם קאָלעקטיוו. אַ צווייט ביאָגראַפיש ווערק איז „גרשון דער בלינדער". ביידע זיינען ווערק וועגן אַ געוויסן פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער יידישער עמיגראַציע אין אַמעריקע... די צייטן, אין וועלכע די עפּיזאָדן אין לעבן פון גרשון דעם בלינדן און זלמן דעם שוסטער זיינען וואָס אַן אמת, פאַרשיידן. גרשון איז אַ טיפּ פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און זלמן — פון דעם ניינצנטן. זיי שטאַמען פון פאַרשיידענע מזרח־אייראָפּייאישע שטעט און שטעטלעך, נאָר די סיטואַציעס אין די באַזונדערע געגנטן, אין דער אַלטער היים, בעלץ, קישינעוו און אָדעס און אין דער נייער היים אין נעשוויל און לאָס־אַנדזשעלעס זיינען מערקווירדיג ענלעך. סיי זלמן און סיי גרשון זיינען אמתע העלדן פון לעבן. צוליב דעם ביאָגראַפישן מאַטעריאַל, וואָס דער מחבר האָט דאָ פאַרשוועגדעריש אויסגענוצט, באַקומט זיך אַ מגילה פון צוויי לעבנס, וואָס זיינען דראַמאַטיש און קאָלירפול.

דער שרייבער גייט נאָך די שפּורן פון זיינע העלדן און האָט זיי אמת

ליב. ער פאַרצייכנט די ווערטלעך, די אַנעקדאָטן פון די העלדן ווי אַ פינקט־לעכער רעגיסטראַטאָר. אויף אַ שלום־עליכמ׳שן אופן גיט ער איבער די באַרעדעוודיקט פון זלמנ׳ען און דאָך געפינט ער זיך אַליין אין אַ געוויסער דיסטאַנץ פון דעם העלד. די מערקווירדיקע ענלעכקייט פון ביידע העלדן, איז אין זייער געמיינזאַמען אימיגראַנטישן גורל. דער שרייבער מאָלט מיט פאָלקישן הומאָר דעם שטייגער־לעבן פון אָרעמען יידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אין די אימיגראַציע יאָרן אין דער „גאָלדענער מדינה״.

„זלמן איז אַרומגעגאַנגען אויף דער „באַוערי״ שלינג־און־שלאַנג. ער האָט געהונגערט, ניט געקאָנט קריגן אַרבעט. אַ קריסטלעכע צדקה־חברה האָט געטיילט ברויט און זופּ. טויזנטער מענטשן: איטאַליענער, אײרישע, פוילישע, רוסישע. מיין פעטער איטשע, איך... אַ פריינט האָט אים אַריינ־גענומען אין אַ מיסיאָנערן־הויז. מ׳האָט אים געוואָלט געבן עסן, געלט, אָבער האָט געפילט אינסטינקטיוו, אַז מען וויל „כאַפּן זיין נשמה״, האָט ער געלאָזן דאָס עסן און איז אַוועק אַ געהויבענער, וואָס ער האָט גובר געווען דעם נסיון״.

זלמן דער שוסטער האָט מיטגעצויגן דעם מחבר אויף אַלע זיינע לעבנס־סטאַנציעס. דורכן העלד ברענגט דער שרייבער אַרויס דעם עלנט פון די יידישע באַלמעלאָכעס, פעדלער פון דער איסט־סאיד, דעם ערשטן יידישן ישוב אין טענעסי, וואו די אימיגראַנטן האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן. ער ווייזט די טראַגיק און דעם קאָמיזם פון די אידישע חברות און סאָסייעטיס און שילדערט ברייט די ערשטע סאָציאַליסטישע פאַראיינען. מיר באַקענען זיך אין דעם בוך מיטן מערקווירדיגן הומאַניסט־סאָציאַליסט, יודזשין וויקטאָר דעבס און מיט די געזעלשעפטלאַכע פּראָגרעסיווע טעטיקייטן פון א יידישן סאָציאַליסט אין לאָס אנדזשעלעס.

דורך גרשונען גייען מיר אַוועק אין אין יידיש־אוקראַינער שטעטל בערשאַד און מיר געפינען זיך אין דער געדיכטער אָרעמקייט פון יידישן לעבן און שאַפן זיך אַ געגוי בילד וועגן די חדרים ,די מלמדים, דעם ׳הקדש״. גרשון האָט גע׳ירשנט זיין מאָראל פון די טייטש־חומש־מעשה׳לעך, וואָס זיין מאַמע האָט אים געלייענט. אין דער ישיבה האָט ערשוין איינגעזאַפּט די עטישע לערעס פון די יידישע נביאים און שפּעטער מיט די סאָציאַלע און

נאַציאָנאַלע שטרעמונגען אין צאַרישן רוסלאַנד.

כאַוועך פּאַווער לעבט אויף די טראַגעדיע פון די היימלאָזע בעתן ערשטן וועלט־קריג. ער שילדערט די עפּאָכע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, די מפּלה פון קיסר און די פּאָגראָמען, דעם גאַנצן קאָשמאַר פון בירגער־קריג. עס איז, ווי געזאָגט, אַ ביאָגראַפיש ווערק, וואָס אַנטפּלעקט די גלגולים, איבערוואַנדלונגען פון אַ פּראָגרעסיוון יידישן שרייבער.

כאַוועך פּאַווער האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען מיט זיינע טעגלעכע באַשרייבונגען פון געריכט. „בילדער פון געריכט" איז אַ קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש פון אַ באַזונדער, אייגנאַרטיק ווינקל אין אַמעריקאַנער לעבן. אין געריכט האָט דער שרייבער אָנגעטראָפן מענטשן, קרבנות פון זייער סביבה און אָרדנונג; מענטשן, וואָס קומען פון „דעק", דערצויגענע אין יתומים־הייזער און „רעפאָרם"־אינסטיטוציעס, קינדער פון צעבראָכענע היימען און צדקה־אַנשטאַלטן. די גע׳משפּטע זיינען אָבער אויך מענטשן מיט עקשנות אין כאַראַקטער, מענטשן וואָס האָבן באַוואוסטזיניק אויסגעקליבן זייער וועג. מיט זיין וואַרעמען געפיל פאַר מענטשן און טיפער פּסיכאָלאָגישער אַריינדרינגונג דערמאָנט כאַוועך פּאַווער אין דעם גרויסן רוסישן שילדערער פון „אָפּגרונט" — מאַקסים גאָרקי. ווי גאָרקי רעגט ער אָן דעם לייענער זיך צו־פאַרטראַכטן איבער דער אומגערעכטער אָרדנונג. פּאַווערס העלדן ריידן ניט קיין באָמבאַסטישע רייד ווי פּראָפּאַגאַנדיסטן. דער שרייבער ווירקט מיט זיין עצם שילדערונג, און דער מוסר־השכל דרינגט אַרויס פון דער מאָלעריי.

כאַוועך פּאַווער איז געווען אַ שרייבער מיט אַן אייגענעם סטיל. דאָס איז געווען אַ ספּעציפישער סטיל פון מאָלן מענטשן און געשעענישן, טיפּן און סיטואַציעס, היסטאָרישע צייט־אָפּשניטן. ער האָט געהאַט אַן אָריגינעלן הומאָר און בילדערישע פּען, וואָס האָט מיט איין שטריך אַרויסאַנטפּלעקט אַ געשעעניש און געשאַפן אַ בילד. ווי אַ שרייבער פון די אָרעמע האָט ער אָנגעהויבן און האָט פאַרענדיקט ווי אַ גרויסער באַ ש ר י י ב ע ר פון יידישן לעבן אין אַמעריקע.

# אַברהם ביק – ליטעראַטור קריטיקער און עסייאיסט



## וואָס גרעסער דער בוים,

אַלץ גרעסער איז דער שאָטן". ווען מען זאָל דעם זאָג פּאַראַפריזירן און אָנ־ווענדן אויפן שרייבער אברהם ביק, וואָל מען געקענט זאָגן: וואָס מער ביכער דער שרייבער גיט אַרויס, אַלץ רייפער איז זיין סטיל, אַלץ פּאַר־ביקער זיין לשון, אַלץ ברייטער זיין פאַרנעם און אַלץ טיפער — זיין דענקען.

אַברהם ביק איז געבוירן געוואָרן אין 1913, אין קאַמאַרין, מינסקער גו־בערניע. צו פערצן יאָר איז ער אַוועק קיין ישראל, דאָרט געלערנט אין דער ישיבה פון גרויסן הויפּט רב פון ארץ־ישראל, דעם רעליגיעזן דענקער, הרב אברהם יצחק קוק, און זיך דער־וואָרבן אַ סך לומדישע בקיאות און חריפות. . ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1936 און איז היינט איינער פון די שפּעפערישע יידישע און העברעאישע שרייבער. ער האָט דעביוטירט אין דער העברעאישער צייטונג „דבר" אין 1934, שפּעטער האָט ער מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס" און אין „צוקונפט" און זינט 1943 אין דער „מאָרגן־פרייהייט", "יידישע קולטור" און אַנדערע זשורנאַלן. ער איז אַ שרייבער אויףביידע לשונות: יידיש און העברעאיש, האָט רעדאַגירט זשורנאַלן און איז דער מחבר פון פופצן ווערק אין יידיש, 6 אין העברעאיש, צוויי אין ענגליש. פון פאַך איז ער „אַ פּראָלעטאַריער", אַ זעצער אין אַ דרוקעריי, לקיים מה שנאמר, ווי עס ווערט געזאָגט: „בזיעת אפך תאכל לחם"...

## אברהם ביק — ליטעראַטור־קריטיקער און עסייאיסט

אברהם ביק קען באַצייכנט ווערן ווי דער אויסטייטשער פון גרויסע דענקער און פילאָסאָפישע סיסטעמען, פון אידעען. אין זיין ליטעראַטור־קריטיק זוכט ער ניט דעם „פאַרוואָס" און „ווי אַזוי" דאָס ווערק איז געשריבן. ער וויל זיך דערגרונטעווען צו דער אידעע פון ווערק, צו דער פילאָסאָפיע פון שרייבער. ער זוכט מער דאָס ס ו ל ת פון אַ בוך ווי דאָס פ ס ו ל ת. ער פאַר־בינדט תמיד דעם היינט מיטן אַמאָל, דעם עבר מיט דעם עתיד.

אין זיינע עסייען וועגן בערטאָלד ברעכט אוען אַנאַ זעגערס און אין די עסייען וועגן ליבקנעכט־לוקסעמבורג („הערשאַישע באַלאַדע", „אידעע און געשטאַלט") באַווייזט ער די „גײַזלעשאַפטלעכע דינאַמיק", ווי אַזוי דער העלד איז באַווירקט געוואָרן פון זיין עפּאָכע און האָט באַווירקט זיין תקופה, די צווישן־ווירקונג פון העלדישן יחיד און דעם כלל".

דורך זיין אַנאַליטישן דענקען און חריפות׳דיקער דיאַלעקטיק האָט אברהם ביק פאַרטיפט די ליטעראַטור־קריטיק. ער האָט פאַר דעם לייענער אויפגעפראַלט טיר־און־טויער פון דער קלאַסיק. ווי אַ זשומענדיקע בין, וואָס זויגט אויס דעם זאַפט פון אַ בלום, אַזוי זויגט ער אויס דעם תמצית פון אַ אַ ווערק. ער גיט אונדז דעם תוך, אָבער די עסיי האָט אַלע עלעמענטן פון אַ פאַרגאַנצט ווערק.

אברהם ביק פירט אונדז אַריין אין די היכלות, אין קדשי־קדשים פון תנך, תלמוד, רש"י, רמב"ם, יהודה הלוי, אבן־גבירול; אין דער ליטעראַטור פון דער מיטלאַלטערלעכער יידישער פילאָסאָפיע און אין וואַלד ־לאַבירניט פון דער קבלה. ער מאַכט נאָענט די ווייטע פאַרגאַנגענהייט, לעבט אויף די אַלט־יידישע אוניווערסאַלע אידעען און ליטעראַטור פאָרמען און הויבט אַרויס זייער מענטשלעכן אינהאַלט ,ווייזט ווי זיי זיינען פול מיט עטישן אינהאַלט. ציאַליזם (מאַרקסיזם) מיט דעם תורה־הומאַניזם. ער שעפּט פון ביידע שע־פעריש קוואַלן און ביידע ווערן דער אָנשפּאַר, דער פונדאמענט פאַר אַן עטישן וועלט־באַנעם.

אין תוך איז ער ווייט פון רעבעלירן אין די איינגעשטעלטע געזעצן פון דער תורה. ער וויל נאָר באַהעפטן דעם מענטשן מיט דער מקורות׳דיקער יידישער מאָראַל. אים גייט אין אויסשיילן דאָס דערהויבענע, מענטשלעכע.

אין זיין לעצטן בוך „צייט און קיום", פירן צוויי היסטאָרישע העלדן, דער „טונקעלער" און דער „גראָער" אַ שמועס צווישן זיך; דאָס איז אַ מין דיאַלאָג וועגן ליבע און גערעכטיקייט. „מיין וועלט איז פאַרנונפט, ליבע און גערעכטיקייט", זאָגט דער „גראָער"; „ווי קענסטו זאָגן, אַז דער וואָס האָט געבערענט מענטשן אויפן שייטער וועט מיך אויסלייזן מיט ליבשאַפט?" — טענה׳ט דער „טונקעלער". „דערלייזונג און ליבשאַפט וועט קומען ווען גאָט וועט זיך אַנטפּלעקן אויף דער ערד". דער „גראָער" איז פול מיט ספקות, נאָר דער „טונקעלער" פאַרזיכערט אים, אַז ווען דער מענטש וועט האָבן די התגלות (אַנטפּלעקונג), וועט ער דורכגענומען ווערן מיט דעם גרויסן אידעאַל פון „ואהבת לרעך", וואָס וועט פירן צום „אחרית הימים", ווען דער מענטש וועט גובר זיין דאָס רשעות. די געדאַנקען האָט דער שרייבער גע׳ירשנ׳ט פון זיינע רבנישע עלטערן, פון זיין דורות׳דיקן רבנישן שטאַם און פון זיינע רביים אין ירושלים.

אין דער פּרעכטיקער אַלעגאָרישער דערציילונג „דער ווייַן פון יושר" גיט דער מחבר פון בוך „צייט און קיום" איבער אַ תלמודישע לעגענדע וועגן אַ דין תורה פו צוויי טרעגער מיט אַ תנא. די טרעגער האָבן אים צעבראָכן, ביים איבערפירן, אַ פאַס וויין. דער תנא האָט ביי זיי צוגענומען די קליידער פאַרן שאָדן. אַן אַנדער תנא האָט באַפוילן, אַז ניט נאָר דאַרף מען זיי אומקערן די קליידער, נאָר מען דאַרף זיי באַצאָלן פאַר דער אַרבעט — יושר, רחמים..

דער מוסר-השכל איז קלאָר: רחמים קעגן דין דאָס פאָלק איז דער אמתער טרעגער פון די אידעאַלן. בלויז די האָרעפּאַשנע מאַסן, אין זייער געראַנגל פאַר אַ בעסער לעבן, זיינען מסוגל צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע הומאַניטאַרע תורה-אידעאַלן, און ניט דער קלער, וואָס פּראָפאַנירט די תורה.

ווען מען לייענט זיינע עסייאיסטישע דערציילונגען שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז הינטער זיי שטייט דער מחבר אַליין, וואָס איז אַוועק פון דעם פרום-למדנישן קלאַס, פון גלויבן, אַז משיח וועט קומען, צו דעם שיכט, וואָס גלויבט אין משיח פון סאָציאַליזם, אַז אַ יושר׳דיקע וועלט וועט שאַפן דער אַרבעטער מענטש אַליין, ניט זיינע פאַרזאָרגער.

אין זיין „פון צייט און קיום", האָט אברהם ביק אַ דערציילונג „אויף אייזיקע וועגן", דער הויפּט־העלד איז אַ רב אין אַ ווייס־רוסיש שטעטל, בימי היעווסעקציע, אין די ערשטע יאָרן פון דער סאָוועטישער רעוואָלוציע. דער רב מייזוס, שיקט אַריין אַ דערקלערונג אין דער צייטונג, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון רבנות, ווייל ער האָט ניט קיין יוגנט, וואָס וויל לערנען תורה. דער רעוואָלוציאָנער דניאל טאַמאַרקין פון מינסקער סאָוועט פירט אַ וויכוח מיטן רב מייזוס. ער פרעגט אים, צי ער איז אַנטוישט אין דער נייער אָרדנונג. מייזוס ענטפערט אים: „איך בין אַליין אַ קינד פון אָרעמע עלטערן. ווען דער "אָקטאָבער" האָט זיך צעבליט בין איך געווען צופרידן, וואָס יידן וועלן געבן אַ צושטייער דעם כלל". — „איר ווילט ראַטעווען מיין נשמה?" — האָט אים טאַמאַרקין געפרעגט, — „איך וויל נאָר איר זאָלט ניט צעשטערן מיינע", — ענטפערט זיימוס.

אין דער נאָוועלע שילדערט אברהם ביק פאַרשיידענע היסטאָרישע עפּיזאָדן פון דער סאָוועטישער רעוואָלוציע. אָבער דאָ איז בולט דער מאָטיוו קעגן „קולט פון יחיד", די קעגנערשאַפט צו מאַכן פון אַ בשר ודם אַ געץ. „מעג ער (דער פירער) זיין צאַרט ווי אַ וואָלקן" וועט ער שוין דעם מענטשן אַריינטרייבן אין רציחה".

אברהם ביק וויל ניט באַפּוצן די ליטעראַטור מיט אָרנאַמענטן. אים גייט ניט אין שיין־שרייבעריי. „דאָס וואָס פּאַסט זיך אַריין אין דער אָרדנונג, וואָס איז עטיש, איז שיין, וואָס עס ברענגט אַריין כאַאָס, צעשטערונג, איז אויך ניט עסטעטיש (זע זיין „זין פון דער פאָרם" און די עסיי וועגן דזשעק לאָנדאָן („אידעע און געשטאַלט"). אָבער זיינע ווערק זיינען דורכגעוועבט מיט באַחנטע נאַטור־מאָלערייען.

„אויף אַן אָנגעצונדענעם זוים פון הימל צייכ־נען און מאָלן זיך שפּיצן פון טורעמס. ליכט פלעמלען אויף די לאַמטערנס.. נאַכט אין דרויסן וואָיעט אַ יונג פרילינג־ווינטל. אַ גרינלעכע לבנה־שיין קוקט אַריין דורך די שויבן. זי באַלייכט העגריטעטס פּנים און צינדט אָן אירע טונקלע אויגן". אָדער: „דער קילערע לויטערער פרימאָרגן האָט געציטערט מיט טויאיקן זילבער אויף

## נתן פּאַדעמבערג

גראָזן, אויף אָנגעצונדענע שפּינוועב־פּעדים, אויף דיביימער. אויף דער לאָנקע האָבן געפינקלט דימענטן און זיך געשפּיגלט אין מזרחדיקן האָריזאָנט" (דער באַגלויבטער פּאַסטוך). נאָר אַ פּראָזאַאיקער מיט אַ ניצוץ פון אַ דיכטער קאָן מאָלן אַזעלכע בילדער. און אפשר איז אברהם ביק אַן עסייאיסט און אַ דיכטער ?

אברהם ביק׳ס ביכער זיינען אפשר געשריבן מער פאַרן אינטעלקטואַלן ווי פאַרן פּשוטן לייענער. שווער פאַרן דורכשניטלעכן לייענער שפּאַצירן מיט אים אין די קרישטאָלענע היכלות, וואו ער זאַמלט אוצרות. זיין עסייאיסטישער סטיל איז אָנגעלאָדן, קאָמפּאַקט. פאַראַן ביי אים עסייען, וואָס זיינען באַלאָדן מיט אַ משא ציטאַטן, נאָר אויף אַלץ ליגט זיין אייגענער שטעמפּל די פינקל דיגע חכמה און דער טיפער אינהאַלט.

# די מעמוארן פון גינאַ מעדעם



**די געשיכטע** פון פאָלקס באַוועגונגען איז רייך מיט עטיש־הומאַניסטישע געשטאַלטן, וואָס זיינען געקומען פון רייכע היימען, פון הייזער אָנגעזאָפּט מיט הויכער בילדונג. טיר און טויער זיינען געווען פאַר זיי אָפן, זיי האָבן באַזוכט אוניווערסיטעטן און געקאָנט מאַכן קאַריערעס און פירן אַ לוקסוס־לעבן, נאָר דער הומאַניסטישער געפיל פאַר באַ׳עוולה׳טן און געדרודפטן אין זייער האַרץ און געמיט, האָבן זיי אין זייער האַרץ און געמיט׳ האָבן זיי פאַרלאָזן דאָס לעבן, די עלטערן, און זיך געשטעלט אינעם לאַגער און אין די רייען, פון די קעמפער פאַר יושר און גערעכטיקייט, כאָטש דורכדעם האָבן זיי זיך געקאָנט ריכטן אויף הונגער, טורמע, סיביר און אפילו אויפן תליון. גינאַ מעדעם געהערט צו דער קאַטעגאָריע.

גינאַ האָט געהאַט אַ זאָרגלאָזע קינדהייט. זי האָט אַלס קינד אַריינגעזאַפּט אין זיך די צאַרטע מעלאָדיעס פון די פוילישע פאָלקס־לידער. אין אירע אויערן האָבן אָפּגעקלונגען די בונטאַרישע טענער פון רעוואָלוציאָנערע און נאַציאָנאַלע לידער פאַר דער באַפרייאונג פונעם פוילישן פאָלק. איר יונג האַרץ איז געווען פול מיט אַנטציקונג פון די פרוכט־גערטנער, פון די רחבותדיקע גרינע פעלדער, פון די מיילן־ווייטע סאָסנאָווע וועלדער און פון די מיט זון־באַגאָסענע טייכלעך, וואָס האָבן אַרומגערינגלט איר געבורט־שטעטל — טאָמאַשאָוו.

זי האָט געלעבט אין אַ מאָדנער, אויסטערלישער סביבה, אין אַ וועלט פון שדים, רוחות און מיסטעריעס; וויזיעס און פאַנטאַזיעס האָבן זיך געוועבט אין איר יונגן מוח. זי האָט געלייענט די פוילישע, דייטשע און רוסישע קלאַ־

## נתן פאָדעמבערג

קער נאָך איידער זי איז אַלט געווען דרייצן יאָר. איר שטרענג־רעליגיעזער זיידע האָט אין איר געוואָלט איינפלאַנצן דעם גלויבן אין גאָט און דאָס דינסט־מיידל האָט זי געפירט אין קאָשציאָל. די מוטער האָט זי אָפּגעגעבן צו אַ מלמד צו לערנען "יידישקייט" און אַ פוילישער בחור האָט געוואָלט זי זאָל זיך שמדן. איר פאָטער איז געווען אַ נאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנער, אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין פוילשן אויפשטאַנד פון 1863. כאָטש אַ פריינטלעכער מענטש האָט ער ניט אַרויסגעוויזן צופיל ליבע צו זיינע קינדער. גינאַ איז געווען אַ באַגאַבטע שילערין. נאָר איר לערערין איז געווען צו איר שלעכט.

אַ וועלט מיט ווידערשפרוכן האָבן אָנגעפילט די יונגע נשמה און זי האָט זיי ניט געקאָנט אויפפלאָנטערן. איין טאָג איז אָבער אַלץ באַשיידט געוואָרן זי האָט געפונען אַן ענטפער אויף די סתירות און אַ קלאָרקייט האָט זיך באַוויזן אין איר לעבן. זי האָט איבערגעלייענט אַ קליין ביכעלע וועגן פוילישן אויפשטאַנד קעגן טיראַנישן צאַריזם. פונעם ביכל, וואָס זי האָט געפונען אויפן בוידעם, האָט זי זיך דערוואוסט וועגן די גרויזאַמקייטן פון דער צאַרישער רעגירונג. שפעטער האָט זי געזען אַ פאַרבלוטיקטן פנים פון אַ יידן אין אַ פאָגראָם, געלייענט וועגן דרייפוס פראָצעס אין פראַנקרייך. זי האָט זיך אויך דערוואוסט ווי אַזוי איר זיידע האָט באַהאַנדלט די פויערים, וואָס האָבן געפראַצעוועט אויף זיינע גיטער. „דאָס איז געווען דער לעצטער עטאַפ און זי האָט זיך געשטעלט אויף אַן אַנדער וועג.

איר „לעבנס־וועג" איז געוואָרן וואָגלעניש, דערנער, נסיונות, נאָר שטענדיק האָט איר באַגלייט אַ טיפער גלויבן און בטחון, אַז די וועלט וועט זיך ענדלעך באַפרייען פון שנאה פון מענטש צו מענטש און פאָלק צו פאָלק.

ווי פון אַ געהיימער קראַפט איז דאָס פריצישע מיידל, גינאַ, געצויגן געוואָרן צו די אָרעמע קוואַרטאַלן, צו די אַרבעטער אין פאַבריקן און צו די פויערים אויף די פעלדער. זי האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט די קלאַסן־קעגנזאַצן און די ניט גלייכע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש. זי האָט גלייך דערזען די איבלען פון דער געזעלשאַפט או דערשפירט דעם צער פון אַ קלאַס, וואָס האָט געטראָגן דעם שווערן יאָך. זי האָט זיך פאַר־

## די מעמואַרן פון גינאַ מעדעם

קנסט מיט די אָרעמע און האָט דעם שידוך לאַנג אָנגעהאַלטן.

גינאַ מעדעם האָט אָנגעהויבן טראָגן איר מוטיק וואָרט, איר רעטאָרישן טאַלאַנט און אירע שרייבערישע פעאיקייטן צו די פֿאָלקס מאַסן איבער לענדער און קאָנטינענטן. זי האָט באַשריבן און גערעדט וועגן לענדער, וואָס זי האָט באַזוכט, די קאַמפּס־אַרענעס אין וועלכע זי האָט אָנטייל גענומען און באַוואונדערט די לענדער, וואָס האָבן זיך באַפרייט און די וואָס קעמפן נאָך פאַר זייער באַפרייאונג.

איר שטורמיש לעבן האָט ג. מעדעם באַשריבן אין צוויי ביכער: „אַ לעבנס־וועג" און „לענדער, פעלקער, קאַמפן". באַזונדערס וויכטיק זיינען אירע באַשרייבונגען אין צווייטן בוך וועגן די לאָיאַליסטישע קאַמפן אויף די שפּאַני־שע שלאַכטפעלדער. גינאַ האָט אַליין ניט געטראָגן קיין ביקס, כדי צו העלפן קערעוועץ די געשיכטע צו מער העלקייט. זי האָט געטראָגן איר גליאיק וואָרט, וואָס האָט דערגרייכט אין אַזעלכע ערטער ווי אַ קויל פון אַ ביקס קאָן ניט גרייכן: מען לייענט אירע ביכער און מען האָט דעם איינדרוק, אַז זי אַליין איז אַ שטיק העראָאישע געשיכטע. זי דערנעענטערט די ווייטסטע לענדער צו אונדזערע אויגן, זי מאַכט אייגן פרעמדע מענטשן, און מאַכט אונדז אַ טייל פון די געשעענישן ווי ,מיר אַליין וואָלטן אַלץ דורכגעלעבט.

גינאַ מעדעם האָט דעם טאַלאַנט ניט נאָר אָפּצומאָלן מענטשן און סיטו־אַציעס, נאָר אויך פּרעכטיקע נאַטור־בילדער. אַ נאַטור־געמעל פון אַמעריקע: „דער הויכער מאַיעסטעטישער 'דראָכנבאַרג' איז באַגאָסן מיט פּורפּורנע זון־בעדער. עס ציט זיך אויף אים אַ ברוין־שוואַרצע טשערעדע צופּוסנס, און ער גרייכט צו די ליכטיקע, גרינע ברגעלך, וואָס רינגלען אים אַרום.

און אָט איז בילד פון דער אָרעמקייט און דער נויט צווישן די לאַנד־לאָזע כינעזער, מאַנדזשורער, דרום־אפריקאַנער און אַנדערע. זי מאָלט אויך בילדער פון מאַטראָסן אויף אַ שיף, ווי זיי מאַליעווען פאַרזשאַווערטע דראָטן. „פּנימער, אויסגעשמירטע מיט פאַרגאָסענע פאַרבן". בילדער פון די אָרעמע קוואַרטאַלן פון אַטען; פון דער טרומע, וואו מען האָט דערפירט דעם גרויסן דענקער און פילסאָף סאָקראַטעס צו זעלבסטמאָרד.

## נתן פאָדעמבערג

פאַר אונדזער אויגן גייען אויף פיר קאָנטינענטן: צענדליקער יאָרן פון שטורמישע געשעענישן. די פעריאָדן, פון וועלכע מיר אַליין זיינען געווען די צושויער' ווערן אָפּגעפרישט. מיר דערזעען דאָס דינאַמישע לעבן פון דער אַלטער היים און דאָס פאַרגליווערט און סטאַטיש לעבן פון דעם אַרבעטער אין אַמעריקע. מיט איר שרייבן וועקט גינאַ מעדעם אויף אַ בענקעניש צום אַמאָליקן קאָכיקן אין זודיקן לעבן און מען ווערט אויך פול מיט עלעגיע נאָך דעם אייגענעם פאַרלאָשענעם פייער, נאָך די שטורמישע קאַמפן פון דער אַמאַיקער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג.

גינאַ מעדעם איז פאַרבליבן פאַרוואָרצלט אין דער אידעע, וואָס זי האָט זיך איבערגעגעבן אין אירע פריסטע יאָרן. זי האָט אויפגענומען די גרויסע אויפטרייסלונגען פון דער וועלט מיט גרויס פאַרשטענדעניש. עס לאָקט איר איר ווייטע, קינדערשע פאַרגאַנגענהייט. עס ציט זי נאָך, — שרייבט זי — צום בוידעם, וואָס זי האָט געפונען דאָס אַלטע ביכעלע מיט די פאַר־געלטע בלעטלעך, וואָס האָבן געשמעקט מיט קאַלך, מיט קעץ און טוכלעקייט" און וואָס האָט אויפגעוועקט אין איר אַ „וועלט פון אומרו, התפּעלות און פון דאַפּנונג".

דער דיכטער שמואל דאַן האָט זי טרעפלעך באַצייכנט מיט אַ ליד:

'אַן אויסדערוויילטע פון אונדזער אַלעמענס געמיט
אַ געקומענע פון שלאַכטן, פון פעלד־שפּיטאָלן,
פון פעלקער־קברים און נאַציאָנאַלע שמחות,
פון קולטורעלע, פאַרביקע פאַרוויילונגס־טעמפּלען.
מיט צער צעווייטיקטן פאַר די געפאַלענע.
מיט פרייד דערהויבענעם פאַר די געבליבענע,
מיט עקסטאַז אויף דיינע ליכטיק שאַטנדיקע ווערטעס
פאַר אַל דער שיינקייט פון אונטער אונדזער הימל,
אַזוי דערשיינסטו אַלעמאָל פאַר אונדז".

אין גינאַ מעדעמס צוויי מעמוארן־ביכער שפּיגלען זיך אָפּ גרויסע וועל־געשעענישן, דערשיטערנדיקע אויפטרייסלונגען און קאַטאַקליזמען, וואָס האָבן געענדערט די פּאָליטישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע יסודות פון לענ־דער און פעלקער.

# שמואל דן – זיין דיכטערישער וועג



שמואל דן איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל לעבן וואַרשע. זיין פֿאָטער איז געווען אַ דאָרפֿסגייער, וואָס האָט געהאַנדלט מיט אַלטוואַרג. זיין מוטער פֿלעגט פֿאַנאַנדערטראָגן מילך אין די הייזער. דער יינגער שמואליק פֿלעגט העלפֿן שלעפּן די קאַנען. פֿון ביידע פּרנסות איז ניט געווען אויף ברויט. ווען שמואל איז אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר, האָט אים זיין עלטערע שוועסטער געבראַכט קיין אַמעריקע. ער האָט דאָ געאַרבעט ביי פֿאַרשיידענע מלאכות און איז דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער און אין 1917 זיך אָנגעשלאָסן אין פֿאַלעסטינער יידישן לעגיאָן. אין 1936 געוואַנדערט איבער דער ברייט און לענג פֿון אַמעריקע. זיבן יאָר ניט געהאַט קיין אַדרעס. ער האָט זיך געדרוקט אין פֿאַרשיידענע זשורנאַלן און אין 1959 איז דערשינען זיין ערשט לידער־בוך „אין לאַסט פֿון טעג".

שמואל דנ׳ס פּאָעזיע, וואָס איז דורכאויס ליריש, פֿאַראינטערעסירט קודם־כל דעם לייענער מיט דער אייגנאַרטיקער טעמאַטיק און סטיל. עס איז אַ דיכטונג פֿון עמאָציאָנעלע ווידערשפּרוכן. אַמאָל פֿליסט דאָס ליד רואיק, געלאַסן, און אַמאָל איז שטורמיש און ברויזנדיק, פֿול מיט אומרו און געראַנגל. אָט די צוויי שטראָמען לויפֿן אָפֿט פּאַראַלעל, ווי צונויפֿגעגאָסן אין איין שטראָם, און אַמאָל דערווייטערן זיי זיך כדי זיך ווידער באַגעגענען.

מעכטיקע נשמה ראַנגלענישן שפּיגלען זיך אָפּ אין דנ׳ס ליד. ער ווערט דורכגענומען פֿון יסורים, וואָס ער וויל זיי אויסלאָדן ערגעץ אין דער שטילקייט פֿון בערג, ווייט פֿון שטאָטישן טומל און ווירוואַר.

## נתן פּאָדעמבערג

„צום ברעג פון מיסיסיפּי בין איך אַמאָל געקומען,
מיט באַהאַלטענעם צער, מיט אָפענע שיך און ליידיקע טאַשן.
אַ פאַרוואָגלטער, מיט אויגן אָפענע, צעשראָקן.
דאָרט האָב איך מיין לייב געבאָדן, מיין העמד געוואַשן,
אויפגעהאָנגען מיינע אַלטע זאָקן אויף אַ ווייטענדיקער ווערבע".

אין ליד "דורך פעלזיקע וועגן" שילדערט ער זיין וואָגל ערגעץ ביי די ראַנדן פון בערג, זיין וואַנדערן דורך טונקעלע פעלדזן־וועגן, דורכגעזאַפּט פון רעגן, קעלט און ווינט. פונדערווייטנס דערזעט ער אַ שיין. ער קומט צו, פאַלט צו צום פענצטער. ער זעט אַ וואַרעמע הויז מענטשן. ער רעדט אָן דעם ריגל פון טיר, שטייט אַ ווײַלע און גייט אַוועק מיט באַהאַלטענעם צער. אין ליד „נאָקטורן" זעט ער שוין אַ שטאָטישע סביבה, און דער טאָן איז דאָ רואיקער, געלאַסענער. דאָס ליד הויבט זיך אָן מיט בילדלעכער מאָלעריי פון דער שטאָט, נאָך האַלבע נאַכט:

„לבנה געוועב, אויף טורעמס און הייזער,
איבער נאַכטיקע גאַסן — ווי זילבערנער שניי.
אויפן שטאָטישן זייגער, טונקעלע הייזער,
שטייען און דרימלען און ווייזן אויף צוויי".

ווייטער אין ליד שילדערט ער דאָס לעבן אין די נאַכטיקע קאַבאַרעטן, די עקזאָטישע קלאַנגען, וואָס קומען פון דאָרטן נאָך חצות. די געשטאַלטן ווילן זיך באַפרייען פון זייער טעגלעכער זאָרג. ער איז אַ קעלנער און נאָך האַלבע נאַכט שלעפּט ער זיך אַהיים אַ פאַרמאַטערטער צו זיינע נאַכטיקע גיטער, וואָס באַשטייען פון אַ —

„אַ שטוב אויפן בוידעם, פּען און פּאַפּיר,
און אַ זילבערער דאַך איבער מיר".

די לידער זיינען סטיכישע אויסברוכן און לירישע נשמה־ראַנגלענישן. ער

האָט אין זיי אויסגעוויטיקט זיינע איבערלעבונגען און אויסגעגאָסן זיינע עמאָציעס. אין די שפּעטערדיקע לידער פאַרשווינדן די אינערלעכע געראַנגלען און ער הויבט אָן אויסוויטיקן דעם צער פון די גאַסן זינגער, די טיפן, וואָס פאַרטריקענע זייערע ליידן מיט „גראָשיקן וויין, פון די מענטשן, וועלכע וואוינען אין — „געסלעך אַלטע, מיט הייזלעך אויסגעקרימטע און האָרבאַטע". דעם דיכטער איז נאָענט און אייגן די „שוכני בתי חומר" (איינוואוינער פון די ליימיקע הייזקעס). ער פאַרנעמט זייער צער. ער קומט צו די „געסלעך אַלטע" ניט ווי אַ רייכער פּראַנט, פאַנאַנדערטיילן „גלאַנציקע גראָשנס", נאָר ווי אַן אייגענער, אַ נאָענטער, מיט טרייסט. — „איך פּראַווע יום־טובדיקע אָרעמקייט אין אַן אַנדער געגנט".

ביסלעכווייז הויבן זיך אָן אַרויסווייזן אין זיין דיכטונג כלל־מאָטיוון אויפן אָרט פון יחידישע, וואָס האָבן שטאַרק דאָמינירט זיין ערשטן פּאָעטישן אָנהויב. דאָס ליד 'אין „מיין וואָגל" הויבט ער אָן מיט דער פאַרביקער מאָלעריי:

„פאַרבן ראַנגלען זיך.
בלויע שאָטנס האָבן נאַכטיקע פלעקן פאַרטריבן,
גרוי איז דאָס בלויע באַפאַלן, דערוואָרגן;
גרוי האָט זיך צעשפּרייט, פאַרבליבן,
איז געוואָרן מאָרגן".

זיין געמיט שרעקט זיך נאָך פאַרן אָנקומענדיגן טאָג. דער גלאָקן געזקלאַנג, וואָס קומט פון פאַבריקן, און דער הונגער „נאָגט און פרעסט באַצייטנס", אָבער פריידיקערע טענער הויבן אָן דאָמינירן זיין ליד. ער זעט —

„השטוויינט, אַריבער יענע בריקן,
וואַרטן יום־טובדיקע טעג,
פון אייביקן נעכטן".

אין ליד „מיר בויען נאָכאַמאָל" פאַרשווינדט דער אומעט. „דאָרט זינגט

## נתן פאַדעמבערג

דער האַמער, די זעג, דער טראַקטאָר", דאָס נייע לעבן וואָס קומט אויף אויף די חורבות פון דער וועלט-מלחמה. ער זעט „גאַסן וועקן זיך„ יונגע שמייכלען, זקנים שטוינען דאַפון". נאָך אַזויפיל פּיינלעכע יאָרן האָט זיך אין אים אויפגעוועקט אַ קוואַל פון מוטערן פּאַטאָס, פון פרייד, וואָס ער דעקלאַרירט אין די שורות: — „זינגט אין מיר אַ גאַנצן טאָג, אַזאַ מין ניגון, וואָס פאַר־שעמט מיין אַלטן טרויער". אַזוי אויך אין זיין פּאָעמען 'אויף קאַליפאָרניער שאָסעען, אַ ברוזיקער אויסגוס ווי פון איין שטיק געפורעמטע לאַנדשאַפט, וואָס פאַרכאַפּט דאָס אויג און דערפרישט דעם געמיט. דעם לייענער דאַכט זיך, אַז ער געפינט זיך אויף דער פרייער נאַטור' אַרומגערינגלט מיט בערג 'טאָלן, טייכלעך, און אַלץ בלענדט און פינקלט און רייצט. אַט שיינען אַרויס די קערנד־לעך פון ריי‌פע, צעשפּאַלטענע קאַוועגעס, און אַט אַזאַ געמיצל כ „שווערע שטאַנגען, שוואַרצע ,גרינע טרויבן, אויף מיילן לאַנגע הילצערנעט געשטעלן, קאַרשן זאַפטיקע, פון טוי געוואַשענע, ווי גרויסע,רויטע קרעלן".

ער באַזינגט דיזם זעטיקן מאכל פון די הונגעריקע מענטשן אין די אַרע־מע הייזער — קאַרטאָפל, מיט דער זעלבער ליבע ווי דעם פאַרביקן און זאַפטיקן מילגרוים. אַט שטייען די פולע זעק —

'ניי געבוירענע קאַרטאָפל, מיט חנוו'דיקע בראָדעווקעס, ברוין הויטיקע"
וואָס שמייכלען שעמעוודיק און שעלמיש, פון העמדלעך צעריסענע, קריטיקע".

דאָס זיינען ברייטע, פאַרביקע מאָלערייען, איינדרוקן פון דעם פריידיקן אַרום. דער פּאָעט דערמאָנט זיך, אַז עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס קאָנען ניט געניסן פון דער רחבות'דיקער שפע און עס קומען די פּאָעטישע שורות:

„אָ, מיינע שאָסעען,
ווי ס'ווילט זיך מיר אַנידערלייגן מיין פריידיק שטיקל האַרץ, פאַרזייען און
אויפגיין זאָלן טעג, פאַר לאַנג באַגערטע, בענקענדיקע אויגן,
פאַרביק ווי אַ זומערדיקער רעגנבויגן —
טעג אַזעלכע אונדז אַנטקעגן —
מיט אויבס אויף די וועגן".

# שמואל דן — זיין דיכטערישער וועג

אין דער פּאָעמע „אין אַ פֿאַרוואָרפֿענער קאַפֿעע" איז פֿאַראַן דער פֿיינלעכער געפֿיל פֿון די, וואָס קומען אַהער פֿאַרשווענדן זייער צייט. דער פּאָעט דריגט אַריין טיף אין די געמיטער פֿון די באַזוכער אין דער קאַפֿעע און ער ברענגט אַרויס די שטריכן און ניואַנסן פֿון דער מענטשן־סביבה. אָט קומט אַריין אַ זקן, וואָס וויל זיך אָן עפּעס דערמאָנען, נאָר זיין זכרון דינט אים ניט. און אָט איז אַ בילד פֿון אַ רייכער אַריסטאָקראַטישער דאַמע, מיט אירע צירלעכע מאַניערן ביים עס־טישל. „קעלנער מיט געהיטע טריט, טרעטן ווייך און שושקען צו, ניט אויפֿצוּוועקן ,אין האַלבן טאָג די זיסע, זומערדיקע רו".

מייסטעריש מאָלט דער דיכטער די שטילקייט אין דער קאַפֿע, די פֿאַרגעלטע, אַלטע בילדער, וואָס הענגען דאָרט: אַ „שטיל־פֿליסנדיקן ים־גוס", אַ בלענדיק־זומערדיקן האַלב־טאָג, גרינע פֿעלדער, און ווי — צעפּרוכפּערט ליגט אַ פֿעלד ,ברוין און גאָלדן־געל, צייטיק און צעוואָקסן, מיט אויפֿגעוועקטער פֿרייד און פֿלאָטער צום שאָרך פֿון קומענדיקע שניטער".

ניט ווייט פֿון דיזר קאַפֿעע, וואו זאָרגלאָזע מענטשן זעטיקן זיך מיט געשמאַקע מאכלים און טייערע געטראַנקען, דאָרט ,וואו עס גרינט אַריין די „רו פֿון לאַנגן ים־גוס", וואו עס רוט אַזאַ אידלישע מנוחה, טורעמט אַרויס דער פֿעלזיקער טורמע־אינדזל „אַלקאַטראַז", וואו עס זיצן די צום־טויט־פֿאַרמשפּטע „אין שרעק פֿון תּליונס טראָט". אַהין קומט דער געדונגענער מענטש און לעשט אויס אַ לעבן, און גייט דערנאָך אַ שמייכלדיקער אַהיים, צו זיין ווייב און קינד.

די טראַגישע מאָמענטן אין די לעצטע טעג פֿון פֿאַרמשפּטן, שילדערט דן אַזוי פּרעכטיק, אַז עס שטערט די רו פֿונצם לייענער. מען ווערט דורכגענומען מיט דער פֿיינלעכער און אַנגסטלעכער שרעק פֿונעם פֿאַר'משפּט'ן. עס דאַכט, ווי מען הערט די קולות פֿון די תּפֿיסה־ווענט, די לעצטע הילף־געשרייען, וואָס דעם תּליונס הענט וועלן באַלד דערשטיקן. די פּאָעמע מאַכט דעם איינדרוק ווי דער פּאָעט וואָלט אַרויסגעפֿירט דעם לייענער פֿון דער העלער ליכטיקייט אין אַ פֿינצטערן טונעל. מען דערנעענטערט זיך צום אַרויסגאַנג, דאָס דרויסנדיקע ליכט גיט אַ בליאַסק, אָבער אין זכרון בלייבט די טונקלקייט פֿון טונעל־דורכגאַנג. פֿאַראַן אין דער פּאָעמע קאָלירדייכע מאָלערייען,

## נתן פּאַדעמבערג

וואָס שטעלן צונויף אַ טראַגישע מאָזאאיק. יונגע לעבנס ווערן דאָ אויסגע־לאָשן, און דער תליון שמייכלט, שמייכלט... דאָס רופט אַרויס צאָרן, ווייטיק.

פאַראַן אויך לידער אין וועלכע שמואל דן גיט אַן אויסדרוק געזעל־שאַפטלעכע פּראָבלעמען. אין דער פּאָעמע „פינגער" דערשיינט דאָס געשטאַלט, דער פּרצוף־פּנים פון אַ מסור, וואָס צוליב אים איז געהאַנגען געוואָרן אַ מענטש אויף דער תליה. דער דיכטער מאָלט זיין נשמה־געראַנגל, זיין געוויסן־פּיין. עס דאַכט זיך דעם מסור, אַז מענטשן פאַרפאָלגן אים און אַ דערשראָקע־נער אַנטלויפט ער פון דער שטאָט, נאָר די קולות באַגלייטן אים. ער זעט „פינגער" וואָס טייטלען אויף אים, ער הערט רייד, וואָס שטעכן זיך אַריין אין זיין געמיט:

> דרינגען אַריין די פאַרפייניגטע רייד,
> „שפּיזן אים דורך די אויגן.
> און איבער אַלע גאַסן, מויערן, ווענט;
> פויסטן! שטריק! הענט!
> פינגער! פינגער! פינגער!"

דער פאַרשולדיקטער לויפט און קאָן פון זיך ניט אַנטלויפן. „פייפט אַ קוימען אין אַ ווייטער פאַבריק" דאַכט זיך אים, אַז ער הערט אַ געשריי: „האָסט פאַרשיקט אַ מענטשן אויפן שטריק". ער ווערט געפּייניקט פון צוויי קרעפטן, איין קראַפט באַפעלט אים צו גיין אויפן בוידעם, נעמען אַ שטריק און זיך אויפהענגען; די צווייטע שלעפּט אים אויף צוריק. דער מסור איז שוין מער ניט קיין באַלעבאָס אויף זיך. דער געוויסן איז גובר און אויף זיין באַפעל:

> „פאַרציט ער דעם שלייף...
> איין באַק האָט געאָטעמט נאָך רחמים
> די אַנדערע — האָט שמייכלדיק געוויינט.
> דורך אַ שפּאַרע פון בוידעם

## שמואל דן — זיין דיכטערישער וועג

האָט אַ שפּראָץ אָנהויב טאָג,
זיך דורכגעריסן — ,,אַריינגעשיינט"

אין דער פּאָעמע ,,קולות פון די קברים", שטורמט דער דיכטער און צאָרנט אויף די וואָס נעמען ,,שילומים" (פּאַרגיטיקונג) פון די נאַצי־מערדער, וואָס האָבן אויסגעראָטן אַ דריטל פון יידישן פאָלק. דאָס איז, אגב, איינע פון די ווייניקע יידישע טעמעס אין דנ׳ס פּאָעזיע. בדרך כלל שרייבט ער מער אויף אַלגעמיין־מענטשלעכע טעמעס.

אומרו און געראַנגל, צווייפל און בטחון, האָפנונג און גלויבן, טוישן זיך אין דן׳ס ליד אַלץ וואָס ער דיכטעט האָט ער אַליין דורכגעלעבט. ער איז פון די געציילטע דיכטער, וואָס לעבן און פּאָעזיע איז ביי זיי פאַראייניקט. שמואל

דן איז אַן עכטער ליריקער. און עס איז גוט, וואָס ער פאַרענדיקט זיין בוך מיט די שורות, אין וועלכע ער הייסט דעם טאָג צו וואַרטן. —

,,אָ, גרויסער טאָג, בלייב נאָך שטיי אַ ווי
איך האָב נאָך עפּעס צו דערציילן,
עפּעס צו דערזאָגן,
צו דערזינגען".

# אייזיק פּלאַטנער און ברוך ווינאָגוראַ

## זכרונות וועגן מיינע יוגנט פריינט און חברים

אין אַ קליין הילצערן שטיבל, וואָס איז געשטאַנען מער אין ד׳ר ערד ווי אויף דר׳ ערד, אין סאָקאָלאָוו, און ביי אָרימע עלטערן, וואָס האָבן געוואוינט לעבן דער שטאָט-טורמע, איז געבוירן געוואָרן דער דיכטער אייזיק פּלאַטנער. ער איז גע־וואַקסן צווישן איינגעפאַלענע פּלויטן, אין די געסלעך פון אָרעמע באַלמע־לאָכעס, האָרעפּאַשניקעס, וואָס פלעגן אַ גאַנצן טאָג אומלויפן זוכן פּרנסה. געווען דאָ אַ סך וואָס האָבן געהאַט אין די הייזער זייערע וואַרשטאַטן.

אייזיקס פאָטער איז געווען אַ שניידער. די קינדער האָבן געאַרבעט פון אינ־דערפרי ביז נאַכט, געהאָלפן שפּייזן די משפחה. ווען אייזיק איז אַלט געוואָרן עלף יאָר, האָט אים שוין דער טאַטע אַרויסגענומען פון חדר און אים אָנגעהויבן לערנען די מלאכה פון שניידעריי. אין דעם נייעם חדר האָט זיך אייזיק באַקאַנט מיט סאָציאַלע איבלען און ס׳האָט זיך אין אים דערוועקט אַ געפיל צו שרייבן.

אייזיקן האָט פאַרדראָסן, וואָס דער טאַטע האָט אים פרי אַרויסגענומען פון חדר. ער האָט געהאַט אַ דורשט צו לערנען און לייענען. ער פלעגט „אויס־בעטלען" ביכלעך ביי די „באַלעזיגנע" פון דער שטאָט, „טריפהנע" בראָשורן ביי די „אַגיטאַטאָרן", וואָס זיינען געקומען אין שטעטל מיט „געהיימע מיסיעס" און אַז חיים משה ד־ער קלעזמער האָט געעפענט אַ ביבליאָטעק, האָט ער גע־שפּאָרט דעם לעצטן גראָשן כדי צו קאָנען באָרגן אַ ביכל.

## נתן פּאָדעמבערג

אייזיק איז געווען אַ געפּילפּולער בחור. ער האָט מיטגעליטן מיט די אָרימע מענטשן, וואָס פּלעגן זיך בעטן ביי די שטאָט־באַלעבאַטים, מען זאָל זיי צוריקגעבן דאָס ביסל הויז־זאַכן. ער האָט מיטגעוויינט מיט די פרויען, ביי וועמען די שטעטלשע פּראַצענטניקעס האָבן צוגענומען זייערע פּאַרזעצט'ע לייכטער און זיי האָבן ניט געהאַט קיין בענטש־ליכט אויף שבת און ער איז אויפגעציטערט געוואָרן פונעם געוויין, וואָס האָט זיך דערטראָגן אין שטוב: דעם געיאָמער פון יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס מען פּלעגט זיי שלאָגן אין די תפיסות פאַר טיילן פּראָקלאַמאַציעס, פאַר רופן צו אַ סטרייק אָדער צו אַן ערשטער־מאַי דעמאָנסטראַציע. ער האָט אויך געהאַט מיטלייד מיט די מאַמעס, וואָס האָבן זיך געבעטן ביים נאַטשאַלניק מען זאָל באַפרייען פון טורמע זייערע „יונגע" קינדער, וואָס ווייסן נעבעך ניט וואָס זיי טוען...

אייזיק האָט שטאַרק ליב געהאַט די נאַטור, די לאַנגע רייען פּרוכט־ביימער און די ברייטע פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף מיילן פון דער אַנדערער זייט שטעטל. ער איז פאַרכישופט געוואָרן פון די געדיכטע סאָסנאָווע וועלדלעך, וואָס האָבן אַרומגערינגלט סאָקאָלאוו און פון דעם קלאָר־ווייסן שניי, וואָס איז אָפּגעלעגן זעקס חדשים אין די יערטער, וואו קיין פוס איז ניט געטראָטן, און האָט געשימערט אין די לאַנגע ווינטער־נעכט.

אַז אייזיק האָט זיך אויסגעלערנט שרייבן ביים שטאָטישן אינטעלי־גענט" אברהם גרינבערג, איז ער שטיל אין די נעכט, ווען אַלע זיינען גע־שלאָפן, געזעסן און אויסגעגאָסן זיינע שטימונגען אויפן פּאַפּיר. ער האָט זיי נאָכדעם געלייענט פאַר זיינע חברים אין אַ ווינקעלע פון בית־מדרש, יעדן אינדערפרי, נאָכן דאַוונען, איידער ער איז געגאַנגען אין שניידער־'חדר" ביים טאַטן.

ער שטייט מיר פאַר די אויגן. אַ יונג בחורל, אַ קורצזוואוקסיקער, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, קיילעכדיקע בעקעלעך און אַ פּאָר אויגן, וואָס זוכן רחמים אויף דער גאַנצער וועלט. איך זע אים, ווי ער שטייט ביי דער שוועל פון אונדזער שטוב און שרייט: „באָטקעלע, איך האָב היינט באַקומען דעם „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק" (פון יעקב דינעזאָן).

איינמאָל, געדענק איך, האָט אייזיק אָנגעקלאַפּט גאַנץ פרי אין דער טיר,

## אייזיק פלאַטנער און ברוך ווינאָקורא

און מיך געפרעגט צי איך וויל גיין מיט אים דאַווענען אין בית־מדרש.. מיר זיינען געגאַנגען מיט די סידורים און די תפילין־זעקלעך. אין זיין גאַנג האָב איך דערקענט, אַז אייזיק האָט שוין עפּעס אָנגעשריבן דורך דער נאַכט, און ער איילט זיך אָפּדאַווענען, כדי מיר זאָלן זין ביידע אַוועקזעצן אין אַ ווינקל, ביים אויוון און ער וועט לייענען זיינע לידער.

ער האָט געהאַט אַ שאַרפן חוש פאַר יושר. אים האָט שטאַרק געאַרט דער אַנטיסעמיטיזם. ער האָט געליטן פון די אָפטע אָנפאַלן פון פּוילישע סטודענטן אויף די יידישע אין די קאָניקול־צייטן. ער האָט געטראַכט וואָס מען קאָן טאָן קעגן די אַנטיסעמיטישע העצעריי און פּאָגראָמען. אַז ער האָט זיך באַקאַנט מיט דער טעאָריע פון בער באָראָכאָוו ,די אידעאָלאָגיע פון פּועלי־ציוניזם, איז ער געוואָרן אַ פאַרברענטער באָראָכאָוויסט און געהאַלטן אין איין אַרגומענטירן, אַז נאָר אַ יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל וועט לייזן אַלע פּראָבלעמען.

בעת די דייטשן האָבן אָקופּירט אונדזער שטעטל, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָבן דערלויבט צו עפענען יידישע קולטור־קלובן, האָט אייזיק אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן דעם פּועלי־ציוניזם. ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט דעם אידעאַל מיט ברען און ענטוזיאַזם, האָט געגרינדעט אַ קלוב און אויך אַ ביבליאָטעק, די ערשטע וועלטלעכע שול, וואו דער בריסקער יונגערמאַן, בצלאל פרידמאַן (שפּעטער אַ לערער אין ניו יאָרק) איז געווען אַ לערער. די מנהלים(פּיריצער) פון דער קאָצקער ישיבה האָבן דעמאָלט גערודפט די אפּיקורסים, די עלטערן, וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין דער שול, אָבער די פּועלי־ציון, אונטער אייזיקס פירערשאַפט, האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן. די קינדער־שול האָט זיך אַנטוויקלט און האָט געשמ׳ט אין דער געגנט. אייזיק האָט אויך אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישן קרייז און דורכגעפירט טעאַטער־פאָרשטעלונגען. ער איז אַרומגעפאָרן אין די שכנישע שטעטלעך און אָרגאַני־זירט פּועלי־ציוניסטישע קרייזן, רעפעראַטן, דעבאַטן מיטן ׳בונד״ און די אַלגעמיינע ציוניסטן.

ווען די רעאַקציע און דער ציוניזם איז אין פּוילן געוואָרן שטאַרקער. ווען דער פּוילישער שאָוויניזם האָט זיך צעפלאַקערט, און מ׳האָט אָנגעהויבן

## נתן פּאָדעמבערג

רודפן די יידן און פאַרמאַכן די קולטור־אינסטיטוציעס איז זיך די יוגנט צעפלויגן. אייזיק מיט זיין חבר ברוך ווינאָגוראַ זיינען אַוועק קיין ליטע.

אין 1922 איז אייזיק פלאַטנער געקומען קיין אַמעריקע. בייטאָג האָט ער געאַרבעט אין אַ פאַבריק און ביינאַכט שטודירט אין יידישן לערער־סעמינאַר. דאָ, ווי אין פּוילן, איז ער באַלד געוואָרן אַקטיוו אויפן געזעלשאַפט־לעכן געביט און באַזונדערס אין די קולטור־קרייזן.

אין 1930 איז דערשינען אין ניו יאָרק זיין ערשטער בוך „וואָס דער טאָג דערציילט״. ער פאַרהערלעכט דאָרט די אַרבעט און די מי:

„די אַרבעט איז פאַר מיר אַ ליד,
יעדער קרעכץ פון דער ראָד — אַ טאָן,
די אַרבעט־קראַפט, פון ליד דער זין.
איך קלייב באַגייסטערט טענער אָן,
און זינג זיי אויס אויף דער מאַשין״

ביסלעכווייז האָט זיך די פּועלי־ציוניסטישע אידעאָלאָגיע אָנגעהויבן אויסוועפּן און ווען ער האָט פאַרענדיקט דעם לערער סעמינאַר איז ער געוואָרן אַ לערער פון די יידיש־לינקע אַרבעטער־שולן און אַ מיטאַרבעטער אין ״פראָלעטפען״ און דער „מאָרגן־פרייהייט״.

אייזיק איז געווען אַ לערער מיט אַ טיף־פּסיכאָלאָגישער פאַרשטענדע־ניש פאַר קינדער־דערציאונג. ער האָט געהאַט אַ זעלטענעם טאַלאַנט צו דערציילן קינדער־מעשׂות. דאָס האָט אים שטאַרק באַליבט געמאַכט ביי די לערער, די שול־טוער, די עלטערן און די שילער. מען האָט אים ממש מקנא געווען דעם טאַלאַנט.

אין 1932 איז אייזיק אַוועק קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט זיין פרוי. ער האָט זיך באַזעצט אין מינסק׳ וואו ער איז באַלד געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער סאָוועטיש־יידישער פּעריאָדיק. זיין פּאָעזיע איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור און ער האָט באַקומען אַ סך פרייזן. אין 1935 איז אין ווייסרוסישן מלוכה פאַרלאַג דערשינען זיין

# אייזיק פלאַטנער און ברוך ווינאָקורא

פאָעמע „וועגן שניידעס" און אויך דאָס בוך „זון אויף דער שוועל".

מיינע פאַרבינדונגען מיט מיין יוגנט־חבר, אייזיק פלאַטנער זיינען איבערגעריסן געוואָרן, ווען ער איז אַוועק קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. איך פלעג בלויז פון־צייט צו־צייט זיך דערוויסן וועגן אים דורך אַ נאָטיץ אין דער פרעסע. די לעצטע ידיעה וועגן אים איז געווען וועגן זיין פריצייטיקן טויט אין אַן אַרטיקל פון הערש סמאָליאַר (וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע"), אין אויגוסט 1965.

אייזיק פלאַטנערס אַ צווילינג־ברודער איז געווען זיין נאָענטסטער חבר, דער שפּעטערדיקער ליטעראַטור־קריטיקער, ברוך ווינאָגורא.

אייזיק איז געווען אַ געבוירענער אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט געהאַט אַ חשק פאַר געווינען די הערצער פון דער יוגנט, און אויך פון די עלטערע. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו געווינען דעם צוטרוי פון יעדן און זיך מאַכן באַליבט אין די יידיש וועלטלעכע קרייזן. ברוך אז געווען מער טעאָרעטיקער, לערער און אויסטייטשער.

ווי אייזיק איז ברוך געווען אַ קינד פון דלות. זיין פאָטער איז געווען דער גרעסטער למדן אין שטאָט. ער האָט אויך געקענט ליטעראַטור, מאַטעמאַטיק און פיזיק. ער האָט אפילו אָנגעשריבן אַ חיבור און אַ סברא, אַז ער האָט געמאַכט אַ דערפינדונג. צוליב זיין גרויס אָרעמקייט האָט זיין ווערק ניט געזען די ליכטיקע וועלט. קיין פרנסה דער משפחה האָט ער ניט געקענט געבן. זיין ווייב האָט געבאַקן גריטשענע באַבעלעך, זיי פאַרקויפט אין די באַלעבאַטישע הייזער דעם מאַכל און דורכדעם מפרנס געווען די משפחה.

ברוך האָט געירשנט פון זיין טאַטן די גאונות. ביי דרייצן יאָר האָט ער שוין געלערנט אין בית־מדרש. אין עלטער פון פופצן האָט ער פאַרלאָזט דעם בית מדרש און איז צוגעפאַלן ווי אַ דאָרשטיקער צו די ווערק פון די משכילים און צו דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. ברוך איז אויך געוואָרן דער אויסטייטשער פון פועלי־ציוניזם. ער איז געווען אַ טאַלאַנטירטער רעדנער. געהאַט אַ זאַפטיקן סטיל, אַ קלאָרע דיקציע און פלעגט שטאַרק ווירקן אויף דער שטעטלשער יוגנט. ער איז אַ צייט געווען אין דייטשלאַנ־

## נתן פּאָדעמבערג

און איז באַלד צוריקגעקומען און איז געוואָרן דער פּאַרטיי־דערעקטאָר פון די פּועלי ציון. אין דער צייט פון ענדעקישן אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, איז ער אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ או געהאַלטן לעקציעס און געפּריידיקט די אידעע . ער איז אַרעסטירט געוואָרן און איז נאָך זיין באַפרייאונג אַוועק מיט זיין פרוי, די באַוואוסטע מאָלערין, חנה קאָוואַלסקי, קיין פּאַריז. אין פראַנקרייך האָט ער מיטגעאַרבעט אין „אונדזער פּריינט״. זיינע ליטעראַטור־קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער און ווערק זיינען געלייענט געוואָרן מיט גרויס אינטערעס.

אַליין אַן עקסטרעם־לינקער האָט זיך ברוך ווינאַגורע ניט געקאָנט אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון אַ פּאַרטיי. ער איז אויך געווען אַ גרויסער שאַך־שפּילער און אַ געלנצענדיקער פּאָלעמיקער. ברוך און זיין טאַלאַנטירטע פרוי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די היטלער־מערדער.

וויט איינער פון אַנדערן זיינען אַוועק אין דער אייביקייט מיינע צוויי יוגנט־חברים, אייזיק און ברוך. ביידע האָבן געגלויבט אין אַ שענערער און גערעכטער וועלט. ביידע ווען לעבן אין די הערצער פון די לייענער.

# דער דיכטערישער גאַנג פון חיים שוואַרץ

**חיים שוואַרץ**, (געבוירן אין 1904, ווייס־רוסלאַנד) האָט אָנגעהויבן שרייבן מיט 40 יאָר צוריק. ער האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן דריי לידער־זאַמלונגען: „בליטן" (1928); "דער גרויסער געראַנגל" (1943) און „אונזער דור" (1950).

די דריי ביכער זיינען דערשינען אין דריי פאַרשיידענע פעריאָדן: 1) די צייט פון די פיבערדיקע צוגרייטונגען צום פאַשיזם און נאַציזם. 2) די צווייטע וועלט־מלחמה, ווען עטלעכע צענדליק מיליאָן מענטשן און אַ דריטל פון אונדזער פאָלק זיינען אומגעקומען. 3) די נאָך מלחמה. גענויער — די קאַלטע מלחמה עפּאָכע און די געפאַר פון אַ דריטער וועלט־מלחמה.

ווי האָט חיים שוואַרץ רעאַגירט אין זיינע לידער אויף די דריי־עפּאָכע־מאַכנדיקע וועלט געשעענישן?

ווען מען פאַרגלייכט די לידער פון דריטן בוך מיט די לידער פון זיינע צוויי ערשטע ביכער, קאָן מען זען דעם וויייטן מהלך, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט.

אין גרעסטן טייל לידער פון זיין ערשט בוך איז די טעמאַטיק, פּעיזאַזש און אינהאַלט גאַנץ פאַרשיידנאַרטיק. חיים שוואַרץ, ווי יעדער דיכטער אָנפאַנגער, — שרייבט דעמאָלט וועגן אַלץ. ער קלייבט ניט אָפּ זיינע טעמעס און שטעלט זיך ניט אויף קיין צד פון אַ ריכטונג. דער כסדרדיקער צופלוס פון איינדרוקן, בילדער און שטימונגען שטראָמען ביי אים פאַרשיידענע ריכטונגען. ס'איז אים שווער זיי איינצוהאַלטן, זיי איינצאַמען און קאָנטראָלירן. די לידער זיינען ווי די ערשטע בליאונגען פון אַ צעצווייגטן פרוכט־בוים.

## נתן פאָדעמבערג

עס וואַקסט אַרויס אַ פּרוכט, אָבער זי איז נאָך רוי און גרין. מען דאַרף וואַרטן ביז זי וועט רייף ווערן.

אמת, מ׳האָט שוין דעמאָלט געקאָנט מערקן אַן אָנדייטונג פון זיין שפּעטערדיק דיכטערישן גאַנג, אָבער אין די מערסטע לידער האָט מען ניט געזען קלאָר זיין שייכות מיט דער צייט. אין ליד „סט. לואיס״, זאָגט ער, אַז ער האָט פיינט די רויכיקע שטאָט, וואָס איר מאָנאָטאָנישקייט פּרעסט אויף אים. ער וויל אַנטלויפן פון דער גרויס־שטאָט.

אין ליד „ביי קינדערשע בעטלעך״, גיט ער איבער די פרייד און די די צערטלעכקייט פון אַ פאָטער, וואָס שטייט לעבן בעטעל, וואו זיינע קינדער שלאָפן:

„איך שטיי ביי די קינדערשע בעטלעך,
צוויי קעפּלעך אין נאַכט־רו פאַרוויגט
און ליכטיק ווערט פּלוצלונג אין האַרצן
פון זוניקן, פאָטערשן גליק.

אין הויז אַזאַ לויטערע שטילקייט,
אַוועק זיינען לאַנג שוין די געסט.
איך בויג צו די בעטלעך מיין אויער
און מעסט זייער אָטעם און מעסט״.

אין בוך „בליטן״ זיינען שוין פאַראַן אייניקע לידער, וואו דער פּאָעט שילדערט די אַטמאָספערע פון „שאָפּ״. די שלעכטע באַדינגונגען ביי דער אַרבעט. ער רופט צום קאַמף פאַר אַ פרייער וועלט. אין זיין ליד „געזנוג״ —

„מיר גראָבן אויס קוילן,
און גייען אויס אייביק פון קעלט״.
אַליין אָבער לעבן מיר אייביק אין קעלערס
מיר בויען פּאַלאַצן.

## דער דיכטערישער גאַנג פון חיים שוואַרץ

מיר שאַפן און שאַפן אַ וועלט.

אין שוואַרצ׳ס ערשטן און אין צווייטן בוך זיינען נאָך דאָ אייניקע דעקלאַמאַטאָרישע לידער, פּראָזע אין פערזן. די מערסטע לידער זיינען וועגן זיך, זיין פאַמיליע, סביבה, אַרבעט; נאַטור־לידער און לידער אויף אַלגעמיינע טעמעס. אָבער אפילו אין די שוואַכערע לידער איז שוין דאָ אַן אָנדייט פון אויפשטייג. גאַנץ אַנדערש זיינען די לידער, לויט דער טעמע און דעם אינהאַלט אין דער תקופה פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די סאָציאַלע טעמע איז דאָ געצאַמט. דער טאָן נאָך שטיל און געלאַסן. נאָר וואָס־ווייטער ווערט ער בולט׳ער און אויסדרוקספולער. שוואַרץ האָט שוין אַ באַשטימטע וועלט־אנשויאונג, אַ באַנעם פון די סאָציאַלע פּראָבלעמען און קלאָרער ציל.

דער דיכטער אַליין זאָגט אינעם ליד „ביים ראַנד פון טאָג״, אַז ער „בלאָנדזשעט מער ניט אין דער פינצטער״. ער שטעלט זיך אויף דעם צד, וואָס ער האָט אויסגעקליבן נאָך איידער ער האָט אים געגומען באַזינגען. דעם לאַגער ברענגט ער האָפנונג און געזאַנג אין זיין וואָכעדיקן לעבן.

אין ליד „ביים ראַנד פון טאָג״ זינגט ער:

„ניט געבלאָנדזשעט איבער וועג
ניט געוואַנדערט אין דער פינצטער
האָט דער בליק פון מיינע אויגן.

ס׳איז געווען מיין שפּאַן געמאָסטן,
מיינע ווערטער אָפּגעוואויגן.
ס׳האָט איין ציל אַ לויטער־קלאָרער
יונג האַרץ אין מיר געצויגן״.

און ווייל זיין „טראָט איז שוין ניט קיין בלאָנדזשענדיקער״, זעט ער שוין די וועלט אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט. אין „גרויסן געראַנגל״ זיינען דאָ לידער, געשריבן מיט פאַנטאַזיע און דיכטערישער אינטואיציע. דער פּאָעט איז באַגייסטערט פאַר דער נייער וועלט. זיין האַרץ איז אָנגעגאָסן מיט זון

## נתן פאָדעמבערג

**און פרייד. אַלץ שטראַלט און „צעליכטיקט״ זיך אַרום אים:**

עס האָט אַ קוואַל זיך אויפגעריסן
און צעליכטיק טאַנצט אין מיר,
ס׳האָט זיך פרייד אַדורכגעשלאָגן
דורך מיין האַרצ׳ס צעפּראַלטער טיר!״

**און די זעלביקע פריידיקע געפילן אין ליד „איך וועל אַלץ באַזינגען״:**

„איך וויל אַלץ באַזינגען,

צעהילכן אין טענער.
און זאָל אונדזער קאַמף זיין
נאָך מוטיקער, שענער״.

אין נאַכטיקן טונקל.
מיט זוניקע שטראַלן
אין איטלעכן ווינקל.
„און טראָגן וועט ליד זיך

און קומען אַ צייט וועט
ווען איך וועל אַ זינג טאָן,
ווי איך האָב נאָך קיינמאָל
ביז איצט ניט געזונגען״.

**מיט זיכערן טראָט, מיט אַ לויטערן ציל און צעהילכטע טענער גייט דער דיכטער אַריין אין צווייטן פּעריאָד פון זיין פּאָעזיע. נאָר די פרייד, די באַגייסטערונג ווערט איבערגעריסן, ווען עס צינדט זיך אָן דאָס פייער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די פאַשיסטישע רויב־חיות האָבן זיך אַרויפגע־**

## נתן פאָדעמבערג

**וואָרפן אויף די שוואַכע און שוצלאָזע פעלקער, פאַרוויסט שטעט, דערמאָרדעט מיליאָנען מענטשן. דעמאָלט נעמט דער דיכטער „די ביקס — זיין פען" און שיקט אַ רוף דער וועלט:**

„די פען אין מיין האַנט — אַ בליץ-שאַרפע שווערד:
דאָס העל-ווייס פאַפיר — די צעוויכערטע ערד.

איך שמיד און איך שלייף אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט.
קיין כוח געקאַרגט, קיין מי ניט געשפּאָרט.

עס פלאַקערט אַ וועלט אין פלאַמען פון קריג!
איך שיק יעדעס וואָרט און באַפעל עס — צום זיג!"

**דאָס ליד האָט בילדלעכקייט, ריטם און איז ציל-געווענדט. דאָס פייער פון דער מלחמה פאַרשפּרייט זיך. אַמעריקע טרעט אַריין אין קריג. שוואַרץ אויף די פראָנטן, צו די פילאָטן אין דער לופט, צו שלאָגן און פאַרניכטן דעם שונא„**

אויף שטויבן צעפליק און פאַרברען עס!"
„אונדזער לאַנד איז אין קריג, זאָל ידער רוף צו געווער
אַ הילך טאָן דורך אַלע סירענעס!
און אויב, ווי אַ הויקער, עס דריקט עפּעס שווער —

**אין ליד „ברוכוואַרג" בלאָזט דער דיכטער אַריין שטיקער האַרץ און נשמה אין פאַרזשאַווערטע שטיקער ברוכוואַרג, וואָס ליגן אויף די בוידעמער, אין קעלערס, גריבער און זומפּן. ער רעדט וועגן זיי אין אַ בילדלעכער שפּראַך. ער וויל דעם ברוכוואַרג געבן פּאָעטישן תיקון. דער זשאַווער טוט זיך אָפּ, דאָס אַלטע פאַרשווינדט. אַלץ ווערט איצט פאַרוואַנדלט אין כלי-זיין' וואָפן.**

„פון שטילע, שטויב-פאַרהילטע בוידעמער, פון קעלערס אונטער-

## דער דיכטערישער גאַנג פון חיים שוואַרץ

שטוביקע; פון לעכער און פון ווינקלען הויפישע
אַרויסגעשלעפט אונדז ווידער אויף דער פריי;
מען האָט אונדז אויפגעזוכט און יום־טובדיק צערודערט די רו,

אויפצונעמען אונדז דערפרייטע
און צו פורעמען אונדז ווידער
אונטער קלאַנג פון נייע לידער!
אין קאַנאָנען, עראָפּלאַנען,
אויטאָס, קריג־שיפן און באַנען.
רעטונג שיפלעך, מאַסקעס, בריקן
און וואוהין דאָס פאָלק וועט שיקן —
אין די רוימען, איבער ימען!
און אין ערגעץ ניט פאַרזאַמען!"

דער סוף פון דער מלחמה האָט זיך דערנעענטערט. עס איז געקומען די גרויסע מפלה ביי סטאַלינגראַד און דער פּאַניקלעכער צוריקמאַרש פון די נאַציס קיין בערלין. הערצער האָבן געקלאַפּט מיט פרייד, האָפנונג. עס איז געקומען דער גרויסער מאָמענט, ווען די סאָוועטישע און די אַמעריקאַנער אַרמייען האָבן זיך באַגעגנט ביי דער עלבע. דער דיכטער האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערע פּאָעמען „אונדזער ערד":

„אָט דאָ איז דער טייך, און אָט דאָ איז די בריק,
און דאָ האָבן גלעקער צעקלונגען דעם זיג.

און דאָ האָבן וווינטן די פאָנען צעווייט,
צעווייט און צעפלאַטערט מענטשלעכע פרייד".

נאָך דער מלחמה ווערט שלום דער עיקר'דיקער פּראָבלעם. עס ראַנגלען זיך אין דעם דיכטערס נשמה צוויי כוחות. פון איין זייט איז ער פול

## דער דיכטערישער גאַנג פון חיים שוואַרץ

מיט פרייד און באַגייסטערונג, וואָס „דער לעצטער סאָלדאַט" האָט פאַרלאָזן „דאָס בלוטיקע שלאַכטפעלד"; פון דער צווייטער זייט — מורא און שרעק פאַרן אויסגאַנג פון קריג. אין ליד „נאָכן ז״ג" ווערן אויסגעדריקט די צוויי געפילן:

„דער לעצטער סאָלדאַט איז פון שלאַכטפעלד געקומען
מיט קללה צום שונא באַהעפט צו זיין גומען,
מיט לידער פון זיג און מיט ברכות אויף ליפן
פאַר די וואָס זיינען ביים לעבן געבליבן
עס קלאַרט שוין דער טאָג נאָך די גרויסע פאַרנאַכטן,
עס ווייזט זיך די זון, נאָר עס שוועבן פאַרדאַכטן. "

אין דער לופט טראָגט זיך די געפאַר פון אַ נייער מלחמה, ווי די נאַר־וואָס פאַרענדיקטע מלחמה וואָלט געווען אַ מין פאָרשפיל פאַר אַ נייער, נאָך שוידערלעכער מלחמה. שוואַרצ'ס לידער זיינען פול מיט דער שרעק פאַרן נייעם קריג. אין זיין ליד „דער באַראַבאַן פון האַס", פון „אונדזער דור":

„שוין ווידער פויקט דער באַראַבאַן פון האַס,
און וואו אַ וואָלף, ער גרייט זיך טאָן אַ נאַש;
צי האָט אַ וועלט געבלוטיקט בלויז דערפאַר,
מיר זאָלן קרוינען ערגעץ־וואו אַ קעניג, צי אַ האַר?"

דער פּאָעט זעט ווי די נעכטיקע שונאים ברידערן זיך, און „קוים האָט זיך דאָס שלאַכטפעלד באַצויגן מיט גאָלד און גרין", קרוינט מען שוין ווידער דעם „תליון פון בערלין".

חיים שוואַרץ האָט זייער ליב זיין לאַנד אַמעריקע. ער שטאָלצירט מיט אירע „הימל־קראַצערס און טונעלן" און דערפאַר וואָרנט ער אירע „מלחמה־צינדער" וועגן „פלאַם פון אַטאָמישן שטויב". ער טענה'ט זיך אויך אויס מיט די כלומרשע „פּאַטריאָטן", וואָס האַלטן אים, דעם יידישן אימיגראַנט פאַר אַ „פרעמדן". עס איז אונדזער אַמעריקע ווי אייערע! — זאָגט ער זיי.

## נתן פאָדעמבערג

„איך בין ניט קיין גאַסט". זאָגט ער, נאָר אַ „דיכטער, וואָס זינגט מיט אַלעמען צוגלייך".

פון בוך צו בוך איז חיים שוואַרצ'ס פּאָעטיש שאַפן געוואָרן רייכער אין אינהאַלט און שענער אין פאָרם. עס איז אַ פּאָעזיע וועגן אויפברויז פון אַ דור, פון אונדזער אומרואיקער צייט. שוואַרץ איז אַ דיכטער, וואָס לעבט און אָטעמט מיט די פאָלקסמאַסן און ער דריקט אויס זייערע געפילן. מען קאָן נאָך אַ סך דערוואַרטן פון דעם ברויזנדיקן און קלאַנגפולן דיכטער.

# יצחק אלחנן ראנטש — אַ פילזשאנערדיקער שרייבער

עס זיינען פֿאַראַן שרייבער, וואָס עס פעלט זיי אויס אַ טעמע. זיי מוזן וואַרטן אויף אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, כדי זיי זאָלן באַקומען די אינספּיראַציע אויף אָנצושרייבן אַ ליד אָדער אַ סקיצע. קיין גרויסע געשעענישן קומען אָבער ניט פֿאַר יעדן טאָג, דערפֿאַר שרייבן זיי ניט.

דער פּרוכטבאַרסטער קוואַל פֿאַרן שרייבער איז די סביבה אין וועלכער דער שרייבער לעבט, די אינספּיראַציע זיינען די מענטשן מיט וועלכע ער קומט אין באַריר. דעם עכטן שרייבער פעלן קיינמאָל ניט קיין טעמעס. דער דיכטער א לוצקי האָט געקאָנט שאַפֿן קינסטלערישע ווערק אויף אַזעלכע טעמעס ווי פּאַפּיר, האָלץ, ווינט, שניי, און ענלעכע. אויך יצחק אלחנן ראַנטש, נעמט זיינע טעמעס פון אומעטום. ער איז פול מיט טעמעס. מיט זיין מאַטעריאַל וואָלט ער געקאָנט שפּייזן עטלעכע זשורנאַלן און צייטונגען.

ראַנטש איז אַ ראָמאַניסט, אַ דיכטער, דערציילער, עסייאיסט און אַ זשורנאַליסט. ראַנטש מעלות און חסרונות אַלס שרייבער נעמען זיך טאַקע פון דעם איבערפלוס פון מאַטעריאַל. אַ מעלה איז עס, וואָס זיין ליד איז תמיד פריי פון דיכטערישער פּלאַנירונג. ער שרייבט אימפּולסיוו, אויף דער הייסער מינוט און איז באַפרייט פון סכעמאַטיזם. אַ חסרון איז עס, וואָס ער האָט ניט גענוג צייט אויסצוואַרעמען אַ ליד, אָדער אַ דערציילונג אין זיין קינסטלערישן געמיט.

ראַנטש איז ניט קאַרג אויף לשון. זיין ליד איז ווי אַ שטראָם, וואָס פליסט אויף אַ פלאַכן באָדן. ער שפּרייט זיך אויס, אָבער גראָבט ניט אין דער טיף.

## נתן פאָדעמבערג

זיין שאַפן איז מער דורכגענומען פון לירישן מאָטיוו, ווי פון דידאַקטישן. דערפאַר זיינען אַ סך לידער זיינע צוגעפּאַסט צו מוזיק, ווי די אָראַטאָריע „אליהו", די קאָנטאַטע „אויפן פידל" און אַנדערע... ער האָט לידער, וואָס בעטן זיך ממש מען זאָל צופּאַסן צו זיי אַ ניגון.

ראָנטש איז אַ סאָציאַלער און ציל־געוועדעטער דיכטער. ער איז אַ דיכטער פון דעם אַרבעטער קלאַס. ער דריקט אויס אין זיין פּאָעזיע דיליידן און די קאַמפן פון אַ קלאַס פאַר סאָציאַלן יושר. ער איז ניט סתם קיין גלייכגילטיקער צושויער, נאָר זיין ליד, דערציילונג אָדער רעפּאָרטאַזש, איז ביי אים אַ כלי־זיין, אַ געווער אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט. ער מאָלט אויך די שיינקייט און די פרייד פון לעבן אין דער צוקונפט, ווען דער מאָרגן וועט זיין אַרומגערינגלט מיט בלומען און דאָס לעבן באַצירט מיט געזאַנג.

אַ ליד, וואָס האָט פּערפעקטע קאָמבינאַציע פון קלאַנג און ריטעם איז זיין ליד וועגן „טאָג":

„אַ ליד אַ טאָג,
אַ טאָג אַ ליד.
געזאַנג צעטראָג,
און וואָרט צעבליִ.

ביי יעדער טיר,
אויף יעדער שוועל.
עס וואַרט אויף דיר.

ס'איז פאַראַן דאָך
אומעטום אַ פויגל טריל, ..
אויף יעדן שפּאַן,
פאַרזעצט איז בלום".

פאָלקס מעשות האָבן שטענדיק געצונדן די פאַנטאַזיע פונעם וואָרט־

## נתן פאָדעמבערג

קינסטלער. פאָלקס־מעשות פאַרכישופן דעם לייענער מיט זייער דערציי־לערישקייט און בילדלעכקייט. ראָנטש האָט דורכגעוועבט זיינע לידער מיט דעם פאָלקישן זשאַנר. אין ליד „בעטלער" איז פאַראַן די מעשה׳דיקייט.

„וואַנדער איך מיר נאָכאַנאַנד
אין דעם רייכן בעטלערלאַנד
פירט אַ וועג מיך שמאָל און ווייט,
בעטלער פון אַ יעדער זייט,
שטרעקן אויס צו מיר אַ האַנט.

טייל איך, טייל איך נאָכאַנאַנד.
שטעלט ווער אָפּ מיך ביי אַ ראָג,
טייל איך אויס וואָס איך פאַרמאָג".

ראָנטש האָט שטאַרק ליב די נאַטור. ווי אַ פרומער ייד, וואָס גייט אַלע טאָג דאַוונען אין שול, אַזוי האָט ראָנטש ליב צו פאָרן אין דערפער און זיך געפינען אויפן שויס פון דער נאַטור. ער קאָן זיך ניט אָנזעטיקן מיט דער נאַטור־שיינקייט. ער באַזינגט דאָס טייכל, וואָס בלענדט אין אַ זוניקן טאָג, די זאַנג, וואָס אַ קיל ווינטל בויגט צו דער ערד, ווי עס וואָלט געזונגען שירה צום באַשעפער, דערפאַר וואָס איר איז באַשערט צו שאַפן שפייז פאַרן מענטש. ער האָט ליב דעם שמעטערלינג, וואָס זויגט דעם זאַפט פון אַ בלום און פליט אָפּ אַ צופרידענער מיט דעם טעם און אַראָמאַט פון דער בלום. ער באַזינגט די גראָזן,ביימער, די פליג, וואָס זשומעט ביים פליען.

פאַראַן אין ראָנטשס דיכטונג ציקלען וועגן האַס צום דייטשן מערדער, לידער קעגן די סאָוועטישע טיראַנען, בעתן סטאַלין־קולט, וואָס האָבן חרוב געמאַכט די סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור. ער האָט אויך לידער וועגן דעם באַ׳עוול׳טן נעגער פאָלק אין אַמעריקע און וועגן די פעלקער קאַמפן איבער דער גאָרער ערד. אָפט איז זיין ליד אַ דערמאָנונג און אַ מאָנונג. „פאַרוואָס"

## נתן פּאַדעמבערג

**און „פאַרוועןּ״ ; פאַרוואָס אַזויפיל מאָרד און פאַרגאָסן בלוט ? פאַרוואָס אַזאַ פּיין און יאָמער און געוויין.**

„זיין אָפּגעהאַקטער, יונגער פוס פאַרפאַלגט מיך נאָכאַנאַנד.
דאָס קינדעריש פּנים, פול מיט פּיין, מיר קומט אַנטקעגן.
איך הער דעם ריח פון פאַרגאָסן בלוט אין וויטן לאַנד,
איך זע די יאָמערדיקע מאַמעס אויף די וועגן
די ער, זי ווײנט, דער הימל פלאַקערט, ברענט,
און אַלץ אַרום מיך פרעגט : פאַרוואָס און פאַרוועןּ ?״

ראַנטש איז אַ יידיש־אַמעריקאַנער דיכטער. ער איז אַ דיכטער מיט יידיש־נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און האָט שטאַרק ליב אַמעריקע, וואָס ער באַזינגט אין ליד און מאָלט אין דער דערציילונג.

ראַנטש איז אַ פילזייטיקער שרייבער און געזעלשאַפטלעכער טוער. ער האָט געשאַפן זעכצן ביכער פּאָעזיע, אַ ראָמאַן, דערציילונגען, עסייען, קינדער־ליטעראַטור און ביאָגראַפיעס. אין יעדער ווערק באַרירט ער אַ פאַרשיידן ווינקל פון לעבן און צייכנט זיך אויס מיט כאַראַקטעריסטיקס פון מענש און סביבה. אַ בייטראָג פאַר דער יידישער ליטעראַטור זיינען זיינע מעמואַריסטישע און בילדערישע פאַרטרערטן וועגן יידישע שרייבער אין אַמעריקע און סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין די אָפּהאַנדלונגען וועגן די שרייבער מאָלט ער די געזעלשאַפטלעכע סביבה אין וועלכער די שרייבער לעבן און שאַפן, זייער רעאַגירן אויף נאַציאָנאַלע און אַלגעמיינע געשעענישן.

אַ ווערטפולע עסיי איז זיין אַרבעט „דער נעגער אין דער יידישער ליטעראַטור״. די עסיי איז אַ מין אַנטאָלאָגיע פון דער נעגער־טעמע אין דער יידישער פּראָזע און פּאָעזיע. ער באַווייזט אַז די אַמעריקאַנער יידישע דיכטער און דערציילער האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיוון צוגאַנג צום נעגער. ער הויבט אַרויס דעם צאָרן פון יידישן קינסטלער קעגן די עוולות, וואָס מען באַגייט קעגן דעם קאָלירטן מענטשן.

ראַנטש איז יונג אין זיין שאַפן. ער איז פול מיט ליטעראַרישע פאַרטראַכטן און פּלענער און ער פאַרנעמט זיך נאָך צו שאַפן און שאַפן ביז — הונדערט און צוואַנציק יאָר !

# יוסף ווייס — דערציילער פון יחיד



**יוסף ווייס** איז אַ דערציילער פון טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען. ער פירט אַרויס פאַרשיידענע מענטשן פון פאַרשיידענע סביבות און קאַטעגאָריעס און מיר באַקענען זיך מיט זיי ניט דורך זיין מאָלן זייער אויסזען, גאַנג, אַנטאָן און זייערע באַזונדערע שטריכן, נאָר דורך זיין דיאַלאָג, לויט זייער אופן פון רעאַגירן אויף געשעענישן, ווי זיי נעמען אויף זייערע אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

ביי יוסף ווייסן ריידן די העלדן, ניט דער שרייבער. ער אַליין שטייט מן הצד, פון דער זייט. ער מאַכט דעם איינדרוק פון באַאָבאַכטער און צוהערער.

דער רעאַליסטישער דערציילער קאָן מיט זיין קונסט אויספורעמען דעם טיפּ ווי דער סקולפּטאָר פורעמט אויס אַ ווערק פון גראַניט אָדער קליי. דער פּלאַסטישער קינסטלער איז אין זיין שאַפן אומבאַגרענעצט, אַנדערש איז דער שרייבער. ער דאַרף צופּאַסן דאָס נויטיקע לשון זיין טיפּ און זען ער זאָל ריידן מיט דער שפּראַך פון זיין סביבה, אַנדערש וועט זיך באַקומען אַ דיסהאַרמאָניע. דאָס איז ניט קיין גרינגע אויפגאַבע. ווייס האָט באַוויזן אַז ער קאָן זיך ספּראַווען מיט דעם פּראָבלעם. ער שאַפט ניט קיין אויסגעטראַכטע טיפּן אָדער געשטאַלטן ער נעמט זיי פון דער וועלט אַרום אים, פון דער וועלט וואָס ער קאָן גוט. ניטאָ ביי אים קיין פאַנטאַסטישע סיטואַציעס. ער דערציילט בלויז וועגן די מענטשן וואָס ער האָט געטראָפן, דאָך פאַרמאָגט ער געניג פאַנטאַזיע אויסצומיידן טרוקענעם רעפּאָרטאַזש.

יוסף ווייס דערציילט מער פון יחידים ווי פון כלל. ער טיילט בכיוון אויס די מענטשן פון אַ גרופּע און יעדער איינער פון זיי האָט זיך זיינע איי־

גענע פּראָבלעמען. אפילו דאָרטן וואו עס פיגורירן עטלעכע מענטשן, דינען זיי אים אויף אַרויסצוברענגען שאַרפער דאָס יחידישע. ווייס איז דורכאויס אַן אַמעריקאַנער שרייבער. די מענטשן, וואָס ער פירט אַרויס און די סביבה, וואָס ווּאָס ער האָט באַזוכט. יעדער דערציילונג שילדערט אַן אַנדער ווינקל, אָדער פון שאָפּ, וואו ער האָט געאַרבעט, פון די שכנישע הייזער און פון די ערטער, ער מאָלט איז אינגאַנצן פון אַמעריקאַנער לעבן. ער נעמט זיין מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע סיטואַציעס.

ווייס ברענגט אַרויס אין זיינע דערציילונגען דעם געראַנגל פון אַר־בעטער און מיטל־קלאַס, וואָס וויל ניט איינגעשלונגען ווערן פון גרויס־קאַפּיטאַל און אַ מעטום דאָמינירט דאָס יחידישע, דאָס ריין־פּערזענלעכע. אין דער דערציילונג „גיב מיר אָפּ מיינע פיס", האָט אַ סאָלדאַט פאַרלוירןביידע פיס אין דער מלחמה. אַ הויפּט פון זיין רעגימענט קומט אין שפּיטאָל אים מבקר חולה זיין, ער וויל אים אָנטאָן אַ מעדאַל פאַר העלדישקייט, נאָר דער סאָלדאַט שרייט: „גיב מיר אָפּ מיינע פיס". אין דער דערציילונג „ניטאָ קיין צימערן", וויל דער האָטעל־אייגנטימער ניט פאַרדינגען אַ צימער צו אַ נעגער־פאַמיליע און אַ יידישער משפּחה. דער גאַנצער פּראָטעסט דריקט זיך דאָ אויס אין אָנגעבן אין געריכט. עס פאַלט ניט איין די נעגער אָדער יידן זיך ווענדן צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס קעמפט פאַר ציווילע רעכט.

יוסף ווייס איז ניט קיין שרייבער פון פּראָבלעמען. ער שילדערט בלויז טראַגעדיעס. ער הויבט אַרויס די פאַלשע אילוזיעס אין מיטן פון אַ סיטואַציע. דער לייענער אַליין דאַרף מאַכן דעם אויספיר פון זיין דערציילונג. ווייס איז אויך ניט קיין מאָלערישער שרייבער. ניטאָ אין זיינע דערציילונגען קיין בוים, גרעזל, אָדער אַ שפּליטער זון. דאָס זיינען, ווי געזאָגט, דערציילונגען, וואָס זיינען געגומען דער עיקר פון לעבן. ווייס איז אָבער ניט קיין גלייכגילטיקער דערציילער. ער שטעלט זיך אויף אַ צד און ווערט אַן אָנטיילנעמער אין דער דערציילונג. אין דער דערציילונג „אַ געמישטע חתונה" שילדערט ער די הייראַט פון אַ ווייסער מיידל מיט אַ שוואַרצן בחור. „ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז זיין איינציקע טאָכטער זאָל דאָס אָפּטאָן". מיט די ווערטער הויבט ער אָן די דערציילונג, „די מאַמע האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ, ווי מען

וואָלט איר אַ קויל אַריינגעשאָסן. און דוד — דווקא אַ פאַרגעשריטענער מענטש, האָט געשפּאַנט מיט לאַנגזאַמע טריט איבערן צימער, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, איינגעהויקערט, אַזוי ווי מען גייט צו אַ לוויה". ער וויקלט פאַנאַנדער אַ בילד, וואָס האָט אַ פּסיכאָלאָגישע באַדייטונג. דער לייענער פאַרטראַכט זיך ווי ער אַליין וואָלט רעאַגירט אויף אַזאַ געשעעניש.

פאַראַן געוויסע דערציילונגען וואָס שפּיגלען אָפּ נשמה־ראַנגלעניש, מענטלעכן צער". אין „אונדזער וועלט" דערציילט ער וועגן צוויי עלטערע מענטשן, וואָס וואוינען אין אַ הויז מיט אַ סך מעבל. די קינדער זיינען זיך צעפאָרן און די איינזאַמקייט דריקט אויף די אַלטע. די אומנטיקע שטילקייט וואַרפט אָן אַ פּחד. עס איז אַ לעבן, וואָס צאַנקט, גייט אויס פון אומעט. דער שרייבער האָט דאָ אָנגערירט אַ ווינקל פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן, וואָס איז זיך צעוואָקסן אין אַ פּראָבלעם.

דער קלימאַקס פון דער דערציילונג איז ווען די טאָכטער רעדט צו די עלטערן: „איר האָט דאָך מיר געלערנט, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך; איר האָט, ווייזט אויס געפּריידיקט פאַר אַנדערע"...

אַ רעאַליסטישע און אָנרעגנדיקע דערציילונג איז „די לאַנגע הענט". ווייס פירט דאָ אַרויס אַ קאַצעטניק, וואָס קומט קיין ניו־יאָרק צו זיינע רייכע פעטער און מומע. זיי וואוינען אין אַ ניט־יידישער געגנט, אין הויז הערט מען ניט קיין יידיש וואָרט. דער פאָטער איז אַן „אָלרייטניק", ער פאָרט אין שאַפּ אין אַ לוקסוס־אויטאָמאָביל, די קינדער האָבן זייערע אייגענע אויטאָמאָבילן און די מומע שלאָפט ביז שפּעט אין טאָג. דער פּליכטלינג, קאָן ניט פאַרגעסן זיינע שוידערלעכע איבערלעבונגען אין נאַצישן קאָנצענטראַציע לאַגער, אין די גאַז־אויוונס... איין טאָג באַגעגנט ער שפּאַצירן דעם קאָמענדאַנט פונעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער רופט אויס „היטלער"' „יידמערדער!" און וואַרפט זיך אויפן געוועזענעם רוצח. ווען עס קומט אָן אַ פּאָליסמאַן ווייזט אים דער נאַצי זיין דיפּלאָמאַטישן פּאַספּאָרט און דער פּאָליציאַנט באַפרייט אים דער קאַצעטניק ווערט קראַנק פון עגמת־נפש און מען נעמט אים אַוועק אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע.

אין דער דערציילונג גיט ווייס קלאָר איבער די סביבה פון פעטערס

## נתן פֿאַדעמבערג

הויז, די פּסיכאָלאָגיע פֿון די אַרויפֿגעאַרבעטע און זאָרגלאָזע אַמעריקאַנער קרובים, די פּוסטע לאַנגווייליקייט פֿון דער זאַטקייט און די פּיין פֿון גע־ליטענעם. דער איינדרוק ביים לייענער איז — „מען קען ניט וויסן, וואָס עס קען נאָך פֿאָרקומען אין אונדזער לאַנד".

יוסף ווייס איז אַ פּשוטער דערציילער. ער שרייבט אָן פֿליטערלעך און באַפּוצונגען. דאָך פֿאַרמאָגן זיינע דערציילונגען עלעמענטן פֿון געשפּאַנטקייט און נייגעריקייט.

# אַ בריוו צום מחבר

פריינט נתן פּאַדעמבערג, שלום רב!

איר האָט גוט געטאָן מיטן בריוול און מיט געבן אייער אַדרעס. איצט איז דער וועג אָפן. פּרייט מיר אייך צו זאָגן, אַז דער זיבעציק־יאָריקער, וואָס קאָן זיך אַזוי דערוואַרעמען מיט פּאָעטישע ווערטער, באַווייזט דערמיט, אַז אים אים יוירן נאָך יונגע כוחות — איז, כה לחי, אויף לאַנגע יונגע יאָרן!...

אייער מאמר איז מיר געפעלן, ווייל ניטאָ אין אים קיין רעצענזיסטישע געכאַפּטקייט נאָר טראַכטנדיקע פאַרכאַפּטקייט: איך מיין: געדאַנקלעכע אַנצינדונג, וואָס רירט אָן אַן עיקר׳דיקן פּונקט...

איך בין גערירט דערפון, וואָס ערגעץ אין דער גרויסער וועלט זענען נאָך ידאָ אַזעלכע יידן ווי איר וואָס ליד רעדט צו זיי. דאָס איז די שענסטע און איידלסטע באַרירונג פון מענטש מיט מענטש.

ווען איך וואָלט טאַקע דורך קפיצת הדרך געקאָנט אַריין קיין לאָס־אנדזשעלעס — וואָלט איך געקומען אין אייער הויז און מיט וואַרעמקייט געדאַנקט. אַזוי צי אַזוי וועט מיין נאָענטקייט נישט געמינערט. איך דאַנק אייך זייער פאַר אייערע וואַרעמע ווערטער, פאַר די צימצומדיק־פינקטלעכע באַצייכענונגען און פאַר די ברודערשע ווערטער, וואָס ריידן צו מיר פּאָעטיש, ווייל אין תוך איז פּאָעזיע די פרייטלעכסטע שפּראַך פון מענטש צו מענטש.

מיט דאַנק און האַרציק פריינטלעכע גרוסן

אייער

אריה שמרי

קיבוץ עין־שמר, 3־טער יאַנואַר, 1967

# אריה שמריס „טריט אין גן ארדם“

שוין טויזנט יאָר, אַז דער מענטש בענקט נאָך דעם נביא׳ס „והיה באַחרית הימים“. אַלע חלומות האָט ער אין אים פאַרוועבט, אַלע האָפנונגען אין אים איינגעהילט, און אַלע עטישע אידעען האָט דער מענטש, ווי דער נאָמאַד, זיין ביידל, מיטגענומען אויף זיינע נסיעות. נאָר דאָס רשעות האָט גע־וואַרט ביי זיין שוועל. די פאַלשע משיחים, די פאַרשטעלטע אויסלייזער, האָבן אים אריינגעכאַפּט אין נעץ, אים אויסגעהוילט און געלאָזן ליידיק. דעם מענטשנס האַרץ איז געוואָרן שטיין. דאָס רחמנות־געפיל אויסגעריסן. ער האָט געוואָרפן לעבעדיקע מענטשן אין קברים, זיי געיאָגט אין די גאַז־קאַמערן. ער האָט מיט יענעמס האָר ווייך געמאַכט זיין בעט, מיט יענעמס לעבן זיין אייגן לעבן געראַטעוועט, מיטן זייף, געמאַכט פון מענטשלעכע קערפּערס, זיין קערפּער געוואשן. ניטאָ אַזאַ זייף, וואָס זאָל קאָנען אָפּוואַשן די פאַרבלוטיקטע הענט און לייטערן די פאַרדאָרבענע נשמות פון די נאַצי־מערדער. קין׳ס צייכן וועט בלייבן אויף זייערע שטערנס לדורות, אויף אייביק, און אויב דו, רוצח, האָסט חרטה, ווילסט אָפּמעקן די שאַנד, ווילסט אויסגעלייזט ווערן? —

„הויב אָן ביי זיך אַליין,
ביים צוק און שטראָם פון דיין געאָדער
דאָרט, וואו דאָס וועלטגעוויי
אין דיינס אַ טרער האָט זיך פאַריאָדערט“.

ווייל מענטשלעכע טרערן און וועלטס געוויין דאַרפן זיין דיינע. דעם

## נתן פּאָדעמבערג

מענטשנס פּיין דאַרף דיך באַרירן, דעם מענטשנס לעבן דאַרף ביי דיר זיין הייליק. נאָר אויף דעם וועג וועסטו, מענטש, געלייטערט ווערן און ווערט זיין צו טראָגן דעם נאָמען מ ע נ ט ש. ניטאָ קיין אַנדער גואל ביי דעם פּאָעט א ר י ה ש מ ר י, ווי דער מענטש; ניטאָ קיין אַנדער טרייסטער ווי דער בן־אדם. אים האָט ער אויסדערוויילט. ער איז דער איינציקער אויף אונדזער פּלאַנעט. אין אים איז אַלץ געווענדט. און אויב דער מענטש איז נאָך ניטאָ, וועט ער ז י י ן. אויב ער איז נאָך בלינד, וועט ער זעעוודיק ווערן, און אויב ער איז נאָך ניט ראוי, וועט ער ו ו ע ר ן. —

„וועסט נאָך דורך מיינע אָדערן
מיט ליכט ידורכלייטערן דיין נאָמען.
פון טיפעניש, דורך אַלע קנאָדערן
וועט צו ידיר זינגען מיין נשמה"

אַ יאָמערלעכער געוויין טראָגט זיך איבער דער וועלט. דאָס בלוט און די פאַרגאָסענע טרערן האָבן איבערגערונען די טיפסטע טאָלן. אפילו דער אָדלער איז געפּענטעט. אריה שמרי מאָנט גערעכטיקייט, ניט נאָר פאַר די לעבעדיקע באַשעפענישן, נאָר אויך פאַרן באַרג, וואָס ליגט אין שטייניקן קלעם, פאַר די פעלדזן, וואָס קיין שטערן רירט זיי ניט אָן. פאַר דעם ים, וואָס ווערט געשליידערט אַהין און צוריק צום ברעג און בעט ביי גאָט ער זאָל אים שענקען די פרייד „צו ווערן אַ טייך", כאָטש אַ „וואַסערל" ווערן, צו באַפּ־רוכפערן אַ גרעזל, אַ ביימל, אַ בלימל, ווייל איך בין דער מעכטיקער ים. איך בין אַ פאַרלוירענע טרער פון גרויסן געוויין, פון גאָט אַליין". דאָס קנאַקן פון אַ שפּענדל אונטער די פיס פון אַ מענטשלעכן טראָט, דאַכט זיך דעם דיכטער, שרייט אַרויס: „איך בין אַ צווייג פון אַ זיסן עפּלבוים". אפילו אין פריידיקע מאָמענטן, ווען ער האָט אַ פולן בעכער אויפגעהויבן מיט אַ זיסן געטראַנק, האָט זיין בליק „געוואָגלט דורך די שויבן", ווייל דער צער פון דער וועלט איז איינגעוועבט אין שמריס געמיט. ער האָט אַלע פּיינען פון דער וועלט גענומען. ווי דער קדוש יצחק קאַצענעלנסאָן, אין זיין פּאָעמע „דאָס ליד פון אויסגע׳הרגה׳טן יידישן פאָלק", אַזוי בעט שמרי ער זאָל שפּירן

דעם פײן און מיטווײטיקן מיט די זעקס מיליאָן קדושים. און וואָס שטאַרקער ער איז זיך מצער, אַלץ קרעפטיקער איז זײן וואָרט, אַלץ גליאיקער זײן פען.

## אריה שמריס "טריט אין גן אדם"

שמריס דיכטערישער מאָטיוו איז רחמים, וועלט־גאולה און גלויבן אין מענטש, אפילו אין די, וואָס טראָגן אַ מאַסקע, אפילו אין די, וואָס באַגעגענען יענעם מיט אַ קאַלטן בליק און פאַרמאַכן די טירן פאַרן שכן. וואָרים טיף אין דער מענטשלעכער נשמה „ברענט אַ שײטער", וואָס דערוואַרעמט אַ מענטשלעך האַרץ. אמת, עס רײסן זיך גאַנץ אָפט אַרײַן פרעמדע טענער אין זײַן דיכטערישן היכל און צעטרײסלען זײַן געמיט, אָבער דאָס איז אַ געשרײ פון אַ געפּײניקטן, וועמען דער גואל האָט באַ׳עוולה׳ט אויפן וועגן צו דער גאולה. ערגעץ וואו איז זײַן שליחות געבליבן אין קלעם. פלעקן האָבן זיך באַוויזן אויף זײַן פּאָן. עס האָט געפּלאַצט אַ רינג אין דער קײט. דאַרף מען אויפסניי פאַרבינדן דעם ריס, פאַרלײטן דעם ברוך, אָבער ווען קאָן נעמען אויף זיך אַזאַ שווערע משא? און ווער ווײסט ווי לאַנג מען וועט זי דאַרפן טראָגן?

„ביז ווען וועל איך קאָנען
פאַרדעקן די פלעקן פון פאָנען
און דולדן מיט מילדן
די שרײיאיקע שילדן
אויף לײדיקע קראָמען,
ביז ווען וועל איך קאָנען?

שמרי זאָגט, אַז דער גלויבן איז געבליבן ווי אַ פאַר׳יתומ׳ט ביימל אין אַ פוסטן פעלד אָן השגחה פון אַ גערטנער. דאָס ביימל ווערט פאַרטריקנט און פאַרברענט פון דער זון. אַמאָל האָט מען עס מיט ליבשאַפט געכאָוועט און געטראָגן. מען האָט עס געטוליעט, געצערטלט. רויטע פאָנען האָבן איבער אים געפלאַטערט, זון און שטערן האָבן אויף אים געלויכטן. מיליאָנען מענטשן האָבן איבער אים געוואַכט, און הײנט — אַזאַ פּראָסט אויף מענטשנס פּנים. ער וואָגלט אַרום און עס עפנט זיך ניט פאַר אים קײן

## אריה שמריס "טריט אין גן אדם"

טיר. עס דאַכט זיך אים, אַז דער מענטש איז מיד, אויסגעשעפּט, האָט פאַר־לוירן דעם בטחון, דעם גלויבן אויפצושטיין קעגן דער רשעות, וואָס פאַר־פלייצט די וועלט. דער מענטש איז געוואָרן גלייכגילטיק צו זיין גורל. ער זוכט אַביסל מנוחה, אַביסל רו, ציטערט דער דיכטער:

„מיך שרעקט איצט די רו. כ'האָב מורא,
אַז איצט וועט דער ים אין הכנעה —
קאָן ווערן אויף אייביק געפרוירן
די ערד, אַלע שטערן און שעהן.
סיידן — עס וועלן בותנאַרן,
מיט מוטן פון אייזיקע ברעכער —
אַ שנייד טאָן דעם ים דעם שטאַרן,
צו אויפשוימען העכער און העכער".

שמרי וויל אַרויספירן דעם מענטשן פון זיין פאַרלוירנקייט און אויפ־וועקן אין אים בטחון, גלויבן און אחריות פאַרן כלל. און ווי אַ שיף־קאַפּיטאַן, וואָס באַפעלט זיינע מאַטראָסן צוצוגרייטן די רעטונג־שיפלעך אין אַ צייט פון אַנקומענדיקער געפאַר, אַזוי וואָרנט דער דיכטער פאַרן אַלייניקן וועג, און פאַר דער סכנה פון רו. זיין דיכטערישער טאָן צעקלינגט זיך ווי ביי אַ נביא, אַלץ העכער און ברויזיקער. ער מאָנט, ער פאָדערט און באַפעלט:

אין נאָמען פון אַלע טרערן,
וואָס ווילן ביז הימלען דערשטראָמען;
אין נאָמען פון אַלע שטערן,
וואָס זינקען אַראָפּ צו די תהומען —

ווידער די זעגלען געצויגן
אין שוועב צו די רוימען מיט טרוימען.
און זאָלן טרעריקע אויגן
מיט ידיין בלאָ און גאָלד זיך באַזוימען".

## נתן פּאָדעמבערג

אריה שמרי איז נאַציאָנאַל אין געמיט און אוניווערסאַל לויט אינהאַלט. דער אַלמענטשלעכער מאָטיוו פאַרשלינגט ניט דעם יידיש־נאַציאָנאַלן. זייט ביי זייט מיט דעם צער פון זעקס מיליאָן גיבורים און קדושים, וואָס ער־טראָגט אין זיין האַרץ, טראָגט ער אויך דעם צער פון די געפאַלענע קאָמונאַרן אין פּאַריז, פון די אומגעקומענע לאָיאַליסטן אין שפּאַניע און פון „וואו געפאַלן ס׳איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט" פון אונטערדריקטע און גע־רודפטע. צו אַלע איז ער נאָענט. זיי זיינען זיינע קרובים. זיי האָט ער גע־ווידמעט לידער און האָט פאַראייביקט זייער העראָאיזם.

הייליק זיינען ביים דיכטער די קדושים און הייליק איז זייער לשון. עס דאַכט זיך אים, אַז אין יעדן אַרויסגערעדטן יידישן וואָרט הערט מען דעם אויסגעשריי פון אַ לעבעדיק־באַגראָבענעם יידן, אַ געפּירטן אין גאַז־קאַמער. אין יעדן גוואַלד — דעם גרויל פון די אַריינגעשליידערטע יידן אין די קרע־מאַטאָרימוס. אין יידיש האָט זיין מאַמע געשעפּטשעט איר תפילה, זיין טאַטע אַ געבעט; אין יידיש האָט דער פשוטער ייד, דער האַרעפּאַשניק, געזונגען דאָס ליד פון דערלייזונג. דאָס יידיש לשון איז געוואָרן דאָס איינציקע פאַר־מעגן וואָס די קדושים האָבן מיטגענומען אין אַלע טויטן. דאָס לשון טאָר ניט צעבלאָזן ווערן ווי זייער אַש. שמרי וואַכט איבער אים. ער באַרייכערט די שפּראַך מיט נייע ווערטער־קאָמבינאַציעס.

„אַזאַ הונגער צו יידישע ווערטער,
צו זינגען בדממה יידישע ווערטער.
אַזאַ קילונג און שטילונג אין זיי
כאָטש זיי אַליין — פלאַם און געשריי.
ס׳קאָן גאָר ניט פאַרבייטן די יידישע ווערטער —
בלוט אינעם האַרץ און פייער אין שאַרבן.

די יידישע ווערטער
פון מיין היים די צעשטערטע —
זיי װעלן ניט שטאַרבן".

## אריה שמריס "טריט אין גן אדם"

אריה שמרי האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין 1,29 פון דעם פּוילישן שטעטל קאַלושין. ער האָט מיטגענומען די עטישע אידעען פון די נביאים, די ליבשאַפט צום מענטש, און די טראַדיציע פון זיין חסידישער משפּחה, צדק און שלום און די שטרעבונג צו גאולה פון מענטש. אין ארץ־ישראל האָט ער געאַקערט די ערד פון קיבוץ עין־שמר, אין וועלכן ער האָט זיך אָנגעשלאָסן באַלד נאָך זיין עולה זיין. דאָרט האָט זיך זיין ליבשאַפט צום קאָלעקטיוו נאָך מער פאַרשטאַרקט. זיין אידעאישער באַנעם האָט זיך אויסגע־קריסטאַליזירט. ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די נאַטור־שיינקייט פון ישראל און זיין פּאָעזיע האָט זיך צעבליט.

שמרי זינגט פון יידישן לעבן אין ישראל. פון דער פרימאָרגן־זון די טויאקע פאַרטאָגן, פון די רחבות׳דיקע פליינען, סעדער און וויינגערטנער און פון די בערג, וואָס רינגלען אַרום די פעלדער. ער באַזינגט דעם קאָמונאַלן לעבן פון די אַרבעטער. ער בעט די הויכע שטערן, זיי זאָלן תפילה־טאָן, אַז די שפּיל פון קינדער ביים כנרת־טייך און זייער פרייד זאָל ניט פאַרשטעט ווערן. ער זינגט פון מענטשלעכער פאַרברידערונג און פעלקער־פריינטשאַפט, פון גראָב־אזיין, האַמער און קאָוואַדלע.

דער דיכטער ווייסט, אַז דער מענטש ראַנגלט זיך נאָך מיט דער רשעות׳ אַז תלינים גרייטן צו נייע שחיטות, אָבער זיין אמונה אין דעם פאַרווירקלעכונג פון נביאישן הומאַניזם פאַרלאָזט אים ניט. ער גלויבט אַז די וועלט וועט דאָך ווערן אַ „גן אדם" — אַ גאָרטן פאַרן מענטשן.

# בינעם העלער און זיינע לידער

בינעם העלערס בוך „נייע לידער" האָבן אַ סך טרויער און פאַרביטערטקייט. דעם פּאָעט דאַכט זיך, אַז די פייניקער הויבן נאָך איבער אים זייער קנוט; אַז מען קלאַפּט נאָך אין מיטן נאַכט אין זיין טיר; אַז די שטראָף פונעם שופט הענגט איבער אים און אים איז שווער זיך צו באַפרייען פון דעם לעצטן גורל פון זיינע חברים די יידישע שרייבער אין „יענעם לאַנד". דער פּחד גייט אים נאָך אין זיין נייעם לאַנד, ישראל. ער איז געגליכן צו אַ מענטשן, וואָס איז אַרויס פון תּפיסה, וועמען עס דאַכט זיך, אַז עמיצער האָט נאָך אַ שליטה איבער אים און אַז זיינע וועגן זיינען נאָך פאַרשטעלט.

די אינסטינקטיווע שרעק קומט צום אויסדרוק אין ליד „ווידער":

איך פיל נאָך אַלץ דאָס פּאָכען מיט דער קנוט.
מיר דאַכט זיך, אַז דער טייוול מאָנט אַ חוב,
וואָס איך האָב גע׳חתמ׳עט מיט מיין בלוט.

איך האָב געהיפּערט איבער צוואַנציק שטעט.
איך האָב פאַרלאָזט איראָפּעס קאָנטינענט.
נאָר אין שוואַרצן שאָטן פונעם שד,
געפּענטעט זיינע מיינע פיס און הענט".

דער דיכטער פאַרגעסט אויף אַ רגע די שרעק, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין זיין געמיט. די דיכטערישע מוזע באַווייזט זיך צו אים אַ חנווע׳דיגע און שטראַליקע. ער וויל ניט באַלאָדן דעם לייענער מיט זיין טרויער, נאָר

## נתן פאָדעמבערג

באַלד כליפּעט ער אויס דעם קאָשמאַר פון דער „ליובליאַנקע" און ער צאָרנט, שרייט אַרויס אין פּראָטעסט, אַז מער וועט ער ניט יאָמערן. ער איז שוין ניט אין קאָנטראָל פון קיינעם.

„אַ פּנים ווי אַ פלאַטערדיקן פלעק
און אויגן וואָס צעגייען זיך אין טרערן,
און ווערטער אויסגעטריקנטע אין שרעק,
אַזאַ וועט איר מיך ניט זען און טרעפן.

איך לאָז נאָך זיך דעם לעצטן וועג פון שטויב
און זאָל דער ווייסטער מדבר מיר פאַר׳שרפה׳ן
אבי איך זאָל ניט זינגען אייך קיין לויב,
און אייער חסיד, זאָל איך מער ניט דאַרפן."

העלער ראַנגלט זיך מיט די קאָשמאַרן פון „ליובליאַנקע". ער וויל אויסטאָן די אבל־קליידער און אָנהויבן אויפ׳סניי. נאָר די קאָשמאַרן פון די איבערלעבונגען גייען אים נאָך ווי שאָטנס און פאַרפאָלגן אים. אים דאַכט זיך׳ אַז זיי שטייען נאָך ביי זיין טיר:

„זיי קלאַפן אין טיר מיט האַרטע פויסטן,
אויף היזעריקע קולות הער איך שרייען:
„מיר וועלן דיין לעצט העמד דיך אויסטאָן",
און אויך דיין נאַקעטקייט וועט ניט סטייען.

נאָר פונקט ווי דו איך קען זיך ניט באַפרייען,
פון טעג פאַרגאַנגענע און בלעטער־בייט,
די אַלטע נאָדלען שטעכן אין מיר, שרייען
און וואַקסן ווייטער צו דער נייער צייט".

אין זיינע נאַטור־לידער דערנעענטערט זיך דער פּאָעט צו מנוחה און רו.

## בינעם העלער און זיינע נייע לידער

זיין טאָן ווערט האָפערדיקער. אין אָפענעם פענצטער שיינט אַריין די זון. אַ בליענדיקע סאָסנע קליידט זיך אין געדיכטע בלעטער און ציט זיך צום הימל. דער לירישער קוואַל, וואָס איז געווען „פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער", עפנט זיך אויף, נאָר אין האַרצן טליעט נאָך אַלץ דער עבר. די פאַרגאַנגענהייט דאָמינירט דאָ:

„איך גריס דיך סאָסנע, זוניקע, באַשערטע,
ווי דו געבליבן בין איך טריי און יונג.
און יעדע בענקשאַפט, נאָך אַ ניט־דערהערטע,
פאַרשטייען בלויז אויפן וואונק".

בינעם העלערס געזאַנג איז פאַרשיידנאַרטיק. אַמאָל שטיל און אַמאָל שרייענדיק, אַמאָל יאָמערדיק און אַמאָל — פריילעך.

אין אַן אויטאָביאָגראַפיש ליד מאָלט ער אַ טרויעריק בילד פון זיין יוגנט־לעבן. זיין גאַנצע משפּחה האָט געהונגערט. די נויט האָט זיך ניט אָפּ־געטאָן פון זייער הויז. ער האָט געאַרבעט זעכצן שעה אַ מעת־לעת און אַ פרעמדער האָט באַוואוינט זיין שטוב. פאַראַן אָבער ביי אים אויך לידער אין וועלכע ער אַנטציקט זיך מיטן רעגנבויגן, מיט די טאָפּאָליעס, דער פוילישער קוקאַווקע, מיט די ערשטע פלאַמיקע רויזן, און די דראָבנע פיסעלעך פון אַ קינד. ער הערט תמיד דעם יאָמער־געוויין פון יידישן חורבן און קלאָגט, וואָס מען זעט מער ניט אויף די וואַרשעווער גאַסן קיין יידן; אין די וואַרשעווער הויפן שפּילן זיך מער ניט קיין יידישע קינדערלעך. אַ יידיש לעבן איז אויס־געוואָרצלט געוואָרן. דער פּאָעט שפּירט זיך שולדיק, וואָס ער איז אַוועק פון גרויסן חורבן, און איבערגעלאָזט די יידן אין די הענט פון די נאַצי־רוצחים, וואָס ער איז ניט געווען אינאיינעם מיט די מאַרטירער. ער וויל מאָנען אַ דין וחשבון, נאָר ניטאָ קיין ייד, וואָס קאָן מאָנען.

„וואו זיינען די מאָנער, וואו זיינען זיי איצטער?
נישטאָ! און מיין ליד, צווישן ציינער פאַרקריצטע,
זינקט איין אין חורבן פון וואַרשעווער הויף".

## נתן פאָדעמבערג

העלער האָט פאַראייגנט די יידישע טראַגעדיע. ער קלאָגט אויף דעם, וואָס ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל לייענען זיין ליד. ניטאָ קיין נאָמען פון אַ יידן אויף אַ שילד פון אַ קראָם, אויף אַ טיר פון אַ הויז. ניטאָ קיין מצבה אויף אַ יידישן קבר.

„אויף די צעהאַקטע, צעבראָכענע שטיינער,
איז שווער געווען אַ נאָמען צו געפינען.
אויף די גאַסן פון דעם געטא דעם פאַרברענטן,
און מיר דעם לעצטן, איינציקן באַוויינער,
איז שווער געווען אַ נאָמען צו געפינען.

דער דיכטער באַטראַכט זיך ווי אַן איבעריקער, אַן אומנוציקער. קנער ווייסט ניט צי ער לעבט קיינער ווייסט ניט וואוהין ער איז אַוועק. גראָבט ער זיך אין אייגענעם טרויער, און זויגט אַרויס זיין ביטערניש. ער וויל אַנטרינען אָבער ניטאָ וואוהין. אָפט ווילט זיך אים זיין ווי אַ וואָגלער אין דער מדבר, זיינע טריט זאָלן פאַרווייעט ווערן פון זאַמד, וויל אפילו זיין נאָמען זאָל פאַרמעקט ווערן.

פון נייע הייזער מיט געפוצטע שויבן
ווער ליגט דאָרט אונטער יענע פונדאַמענטן,
די ערד איז אין געטשוועלעכץ אויפגעהויבן
אויף די גאַסן פונעם געטאָ, דעם פאַרברענטן,
די טרערן האָבן אויפגעהערט צו רינען".

דאָך איז דער דיכטער ניט אַנטלאָפן פון לעבן. נייע בטחנו'דיקע כוחות דערוועקן זיך אין אים. ער שפירט ווי עס ראַנגלען זיך אין אים צוויי כוחות: איינע ציט אים צום טרויער, צו די יידישע סקעלעטן, די אַנדערע הייסט אים באַזינגען דאָס נייע לעבן. ער זאָגט, אַז „זיין בלוט איז שוין פול מיט געזאַנג", נאָר ער האַלט נאָך די שירה „אויפן שלאָס", ווייל „אין האַרץ לעבט נאָך

פאַרדראָס". און כאָטש „די פרייד פלאַטערט שוין ווי אַ פויגל אין שטייג", איז ער נאָך אַלץ פאַרביסן און שווייגט.

אין טייל לידער איז אָבער דעם דיכטער געלונגען זיך צו באַפרייען פון דער קלאָג. ער האָט באַקומען באַפליגלטע גבורה און עקשנות, אויסדויער. ער גלויבט, אַז —

„די האַרטע עקשנות פון שטיין,
מיט לייכטקייט וועט ווערן צעבראָכן.
און דיינען וועט מען אַן געווין
און אַן טרייער וועט זיי דער נצחון".

# צבי אייזנמאַן — שרייבער פון יחידישן לעבן

אין אַ ווינקעלע פון צבי אייזנמאַנ׳ס שעפערישע אינטוּ־איציעס זיינען געבליבן אויסגעוואָרצלטע שארית־הפליטה געשטאַלטן, וואָס ער האָט באַגעגנט אין זיינע וואַנדער און וואָגל־יאָרן, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אין פוילן, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, איטאַליע און אין ציפּערן, וואו ער איז געווען צוויי יאָר הינטער שטעכיקע דראָט־פאַרצוימען.

פאַר דעם יונגן, אָרעמען וואַרשעווער בחור׳ל זיינען די גרויליקע איבערלעבונגען געווען פיינלעך. ער האָט נאָך ניט געקאָנט באַנעמען די יסורים. מיט דער צייט האָט זיך זיין בליק פאַרשאַרפט. ער האָט דערזען דעם שרעק־פסיכאָז און די חבלי־לידה, די געבורט ווייען פון דער נייער צייט. זיין שרייבערישע פאַנטאַזיע האָט זיך דאַן אַוועקגעטראָגן אין זיין היימשטאָט — וואַרשע, אין ווייטן סאָוועטן פאַרבאַנד, און ער האָט אָנגעהויבן אַרויספירן אין זיינע ווערק, די בלאָנדזשענדיקע, הונגעריקע געשטאַלטן.

צבי אייזנמאַן שילדערט פאַרשיידענע טיפּן, לעבנס און סביבות. אין זיינע „באַן־דערציילונגען" מאָלט ער דעם געראַנגל פאַרן מענטשלעכן קיום פון די אָרעמע יידישע פאָלקס־מאַסן אין פוילן. די האַלב ליידיקע שפּייז געוועלבער פון די קרעמער, דעם שוסטער, וואָס „זיין וואַרשטאַט שוואַרצט אַרויס אין גאַס מיט די בלאָטיקע שויבן־פענצטער", דעם שניידער, וואָס הונגערט מיט זיין משפחה אין דער פינצטערער קעלער־שטוב; דעם יידישן „האַנדליאַזש", וואָס זינגט אויס מיט זיין טרויעריקער שטים — „אַלטוואַרג קויף איך!" דעם בלעכער, וואָס בעט זיך מען זאָל אים געבן אַ כלי צו פאַרריכטן; דעם אביון, וואָס לויפט צו די הילפס־קאָמיטעטן בעטן אַ פּאָר גראָשן אויף שבת, דעם בלעכער, וואָס בעט זיך מען זאָל אים געבן אַ כלי צו פאַרריכטן; דעם

דעם „קאַטערינאַזש", וואָס פּראַוועט אַקראָבאַטישע קונצן און דער „געפּאַלע־נער יידענע", וואָס העלפט אירע שכנים פון אירע „געמיינע פאַרדינסטן". די אַלע האָבן די רוצחישע נאַציס אויסגעראָטן.

צבי איינמאַן איז דער שרייבער פון שטילע, צער׳פולע און סודות׳דיקע מאָטיוון פון נשמה־ראַנגלענישן, וואָס די ליטעראַטור האָט זעלטן אַנטפּלעקט. אַ סך פון זיינע בילער מאַכן דעם איינדרוק, ווי דער שרייבער וואָלט געפירט דעם לייענער אין אַ העלן טאָג אין אַ פינצטערער הייל. וואָס ווייטער מען גייט, אַלץ פינצטערער ווערט עס און אַלץ מער שפּרייט זיך אויס דער פּחד און עס דאַכט זיך, אַז אַ קול רופט: „קום, קום ווייטער! אַזוינס האָסטו נאָך ניט געזען!" מען שרעקט זיך אָבער עס ווילט זיך מיטגיין.

אייזנמאַן אַנטפּלעקט דעם צער, די בענקעניש פון ניט־דערפילטע פאַר־לאַנגען, דעם אומרו וואָס ווערט ניט געשטילט. ער גרונטעוועט זיך צום קערן, וואָס ליגט טיף באַהאַלטן אין די פאַרבאָרגענישן און איז ווי פאַר־שטעלט און פאַרפּאַנצערט.

אין זיין „אַנטיקוואַר" (אַנטיקן־הענדלער): „אַן אייביקער בין־השמשות האָט איינגעהילט זיין לאַנגן, קאָרידאָר־אַרטיקן געוועלבל, וואָס האָט זיך קוים אָנגעזען אויף דער שווענטעיאַרסקער גאַס. זיין געוועלבל האָט ניט געהאַט קיין ברייטע טיר. דאָס שוי־פענצטער איז געווען נאַכלעסיק אויף זיין טשוואָק. ווען אַ ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן, האָט עס זיך אומבאַהאָלפן אַרומ־געבאָמבלט מיט אַ בלעכענעם קרעכץ, און אַז מען האָט געעפנט די שמאָלע אָפּגעשפּאָלטנע טיר, האָט אומגעריכט אַ גלעקל בייז און דראָענדיק זיך צע־קלונגען און מען איז געבליבן שטיין אין דער פינצטערניש".

דער דערציילער פירט אַריין דעם לייענער אין דער אַטמאָספערע פון דעם „אַנטיקוואַר". מיר שפּירן זיין בענקשאַפט. מיר פילן אויך דעם צער פון דעם מענטשן, וואָס בענקט נאָך אַ מיידל, און איר פאָטער לאָזט ניט זיין טאָכטער חתונה האָבן מיט דעם „יודע". ער זיצט פאַרשטאַרט און קוקט אויפן בילד פון „זיין מיידל". ער האָט גרויע באַקן־בערד און לאַנגע ברעמען. זיין פאַרגליווערט פּנים מאַכט דעם איינדרוק, אַז „ער איז אַליין אַ בילד".

אייזנמאַנס מענטשן ריידן זייער ווייניק. זיי זיינען תמיד איינגעהילט

## נתן פאָדעמבערג

אין אַ געהיימניש, פאַרשלאָסן אויף „זיבן שלעסער“. זיי באַוויזן זיך אויף אַ רגע און פאַרשווינדן, אָבער בלייבן איינגעקריצט אין זכרון פונעם לייענער, עס ווילט זיך נאָכאַמאָל באַגעגענען די העלדן און קוקן אין זייערע גליִענדיקע, בענקענדיקע אויגן. זיינע בילדער און סקיצן פאַרנעמען אַ צוויי־דריי זייטלעך אָבער מען זעט אין זיין גאַנצע וועלטן. דאָס בילד „דער פרעמדער“:

„ביי אַ ראָג פון גאַס איז דער פרעמדער געבליבן שטיין. עס האָט אויסגעזען, ווי ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין דער ליכט־נעץ פונעם גאַסן־לאַמטערן און האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען. אַזוי האָט דאָס אויסגעזען. אין דער אמת׳ן איז ער שטיין געבליבן, ווייל ער האָט ניט געהאַט וואוהין זיך צו יאָגן. הינטער אים איז געווען די נאַכט. ער. נאַכט. אויסגעצליידיקטע גאַסן און איבער אים — אַ ווייטער, אין טומאַן אויסגעשטערנטער הימל“.

אייזנמאַן איז אַ מייסטערישער מיניאַטורן־שרייבער. ער קאָן אַריינ־פּאַסן אַ סך בילדער אין אַ קליינער ראָם. די בילדער פאַרלירן ניט זייער נשמה און זייער געשטאַלט. זיינע בילדער קאָפּירט ער ניט. ער בלאָזט אַריין אַ רוח־חיים, אַ לעבנס־אָטעם אין טויטער מאַטעריע. ווי אַ געניטער מאָלער וואַרפט ער אָן טראָפּנס פאַרב און שאָפט די האַרמאָניע פון פאַרב, קאָנטור און בילד. זיין שרייבערישער כוח ליגט אין זיין בילדלעכקייט און אינטואיציע. עס איז אַ פּראָזע באַהויכט מיט פּאָעזיע. דערפאַר אַזאַ שפע פון מאָלעריי און אימפּרעסיאָניזם. זיין „פרעמדער“ זייט פון דער ווייטנס אַ פּראָפיל פון אַ פרוי און עס דערוועקט זיך אין אים אַ באַגער זי דערזען. ער גייט איר נאָך, זי פאַרשווינדט, נאָר אַ פּאַפּיראָס איז געבליבן ליגן אויפן טראָטואַר. עס דאַכט זיך, אַז דער סיגאַרעט איז אַ לעבעדיקע זאַך. ווען דער פּאַפּיראָס רויכערט זיך אויס, זעט מען זיין יציאת־נשמה, די נשמה אויסהויכונג פון דער טויטער מאַטעריע.

ז׳עם שרייבערס רעאַליסטישע בילדער וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד בעת דער צווייטער מלחמה, זיינען פול מיט דיכטערישער מעדיטאַציע. אים גיט־ לינגט אַריינדרינגען אין געמיט פון די מענטשן און ער ווייזט ווי אַזוי זיי רעאַגירן אין דער נייער, אומבאַקאַנטער סביבה און אונטערן דעם שטרענגן רעזשים.

אָט דערציילט ער וועגן די פאַרוואָרפענע מענטשן אין דער ווייטער טייגע. דאָ הערשט אַ בית־הקברות שטילקייט און אַן אומעט וואָס פרעסט און דריקט. עס ווילט זיך כאָטש דערהערן דעם קלאַנג פון אייגענעם קול, אַ מעלאָדיע אָדער אפילו אַ שאָרך פון אַ מייזל, כּדי איבערצורייסן אַביסל די איינזאַמע מרה־שחורה. די דאָזיקע שטילקייט באַשאַפט אויך אַ נאָענטקייט צווישן מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. איינער דערציילט דעם צווייטן פון זיין לעבן. מען לייענט אַ בריוו פאַר אַלעמען, אַ פאָטאָגראַפיע גייט דאָ פון האַנט צו האַנט. יעדער איינער קוקט אויף איר און קוויקט זיך. דאָס בילד וועקט אויף בענקענעש און האָפנונגען, אילוזיעס. האָט זיך גע־טראָפן און אַ מענטש האָט פאַרבלאָנדזשעט האָט ער געבעטן „נאַטשאַלסטוואָ״ מען זאָל אים דאָ לאָזן בלייבן טעלעכע טעג. ער זאָל האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן.

דער אויער הערט זיך צום דינסטן ניואַנס. דאָס אויג זעט „צוויי קרענ־קלעכע אויגן, וואָס האָבן דורך די פענצטער־שויבן געקוקט צו דעם שטילן שניי־פאַל; צו די שאָטנס, וואָס האָבן אָנגעהויבן פויזען און זיך פאַנאַנדער־שפּרייטן איבער די פרישע, פוכקע שניי־בערגלעך״. ער זעט אויך „די ביימער לייגן טונקעלע שאָטנס אויפן שניי און אַ פאַרפרוירענע נאַכט איז נאָכגע־לאָפן די וואַגאָנען, און דער ווינט האָט אַריינגעיאָמערט, אויסגעמישט זיך מיטן רעדער־געקלאַפּ״. דאָס זיינען מוסטערן פון עכטן לאַנדשאַפט־געמעל.

זיין שרייבערשן מאַטעריאַל האָט אייזנמאַן גענומען פון פוילן און סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער האָט פרעזערווירט זיינע איבערלעבונגען אין זכרון, בעת זיינע נע־ונד יאָרן אין יענע לענדער. אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן אין ישראל שפּיגלט ער אָפּ דאָס דאָרטיקע לעבן. זיין בוך „מזלות״ איז געדרוקט געוואָרן אין ישראל אין 1955.

דער שטילער און סודות׳דיקער טאָן דאָמינירט אויך זיין ישראלדיקן שאַפן. משה לייב פון תל אביב, האָט געהאַט אַ געליבטע און האָט חתונה גע־האַט מיט אַן אַנדערער, ער בענקט אָבער נאָך זיער ערשטער. אַ קאָרטן־וואַרפערין זאָגט אים נביאות, אַז די געליבטע וועט אָנקומען מיט אַ שיף. משה לייב גייט אָפּט צום האַפן...

## נתן פאַדעמבערג

אין דער דערציילונג „נקמה“ זעט רבקה ווי איר מאַן שפּיליעט־צו דאָס קלייד פון איר שוועסטער און זי ווערט באַהערשט פון אַ נקמה־געפיל, וואָס זי האָט ניט דעם מוט אים דורכצופירן, ״שווייגט זי אים אַריין אין פּנים״. דער בחור אביגדור בענקט נאָך עפּעס אומבאַשטימטס. ער שניצט פיגורן און פילט אָן מיט זיי דעם גאַנצן צימער. אים דאַכט זיך, אַז דאָס זיינען לעבעדיקע באַשעפענישן. זיי זיינען פון זיין שטאָט. ער דערקענט זיי. ער וויל רייד:ן צו זיי אָבער ער האָט מורא זיי זאָלן ניט זען ווי ער באַוועגט מיט די ליפּן און וועלן פאַרשווינדן.

„אויסגעבראָכענע קנויטן“, איז אַ בילד ווי אַ סימפאָניע. דאָ איז פּחד, כל־נדרי ביינאַכט אין בית־מדרש, ברענעדיקע ליכט, טאַנצנדיקע פלעמלעך, שאָטנס אויף די ווענט. אים דאַכט זיך, אַז דאָס זיינען נשמות, וואָס פליען אַרויף צום הימל און שרייבן אין די הימלישע ספרים די מצוות און עבירות און דערנאָך פליען זיי צוריק אויף דער „זינדיקער ערד“. זיי שטעלן זיך ביי די שטענדערס „לערנען תורה“. „די ליכט רירן זיך ניט פון אָרט, נאָר זייערע שאָטנס אויף די ווענט לויפן אום, קריכן צום קיילעכדיקן באַלקן, און לאָזן זיך געשווינד אַראָפּ צו די שטיינערדיקע דיל־פּלאַטעס, שאָקלען זיך, וויגן זיך, ציטערן“.

צבי אייזנמאַן איז אַן אייגנאַרטיקער טאַלאַנט. ער איז דער דערציילער פון איינזאַמקייט, בייגער, פון שטילקייט און פון סוד. ער דערזאָגט ניט, מאַכט דעם לייענער אַליין טראַכטן וועגן דער וועלט. ער איז אַ שרייבער, וואָס רעגט אָן דעם לייענער ממש פון ערשטן בלעטל. ער פאַרכאַפּט און ס׳ווילט זיך לייענען וואָס מער און מער. — אַזאַ דערציילער איז צבי אייזנמאַן.

# די יידישע ליטעראַטור אין ישראל



**אין קיין יידישן** ישוב אויף דער וועלט געפינען זיך ניט אַזויפיל יידישע שרייבער ווי אין ישראל. און אין קיין יידישן ישוב ווערן ניט אַרויס־געגעבן אַזויפיל ביכער און זשורנאַלן, ווי אין מדינת ישראל.

לויט אינפאָרמאַציע פון „יונעס־קאָ", איז ישראל דאָס צווייטע לאַנד אויף דער וועלט אין פאַרלאַג־וועזן. יעדן יאָר ווערן דאָרט אַרויסגעגעבן צווייטויזנט ביכער פון אָריגינאַלע און איבערזעצטע ווערק. אין ישראל זיינען דאָ ניין און זעכציק פאַרלאַגן. די דאָר־טיקע ביבליאָטעקן האָבן אַכט מיליאָן ביכער. עס גייען דאָרטן אַרויס ניינצן טאָג־צייטונגען. צוועלף העברעאישע און די איבעריקע ענגלישע, יידישע רומענישע, פוילישע, פראַנצויזישע, דייטשע, אונגאַרישע אין אַ טיראַזש פון דריי הונדערט טויזנט לייענער.

דער וואוקס פון שאַפן אויף יידיש אין ישראל איז באמת צו באַ־וואונדערן. דעם וואוקס קאָן מען בלויז פאַרגלייכן מיט דעם וואוקס פון דער יידישער ליטעראַטור אין די לעצטע יאָרן פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט אין די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער (רוסלאַנד, פוילן, גאַליציע, רומעניע). אין די יאָרן, וואָס יידיש האָט געבליט אין מזרח־אייראָפּע זיינען כמעט ניט געווען קיין יידישע שרייבער אין דעמאָלטיקן ארץ־ישראל.

אַ שפע פון יידיש שאַפן האָט זיך באַוויזן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. די שרייבער, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דעם היטלער־גיהנום אין די געטאָס, קאָנצענטראַציע לאַגערן, אין בונקערס, שרייבן מערסטנס פון דעם לעצטן גרויסן חורבן, וועגן פאַרשניטענעם יידישן לעבן אין זייערע

## נתן פאָדעמבערג

**געוועזענע יידישע שטעט און שטעטלעך. די הויפּט־טעמע איז דער יידישער חורבן אין אייראָפּע.**

די אַנטאָלאָגיע שטעלט פאָר אַ ברייטע פּאַנאָראַמע פון ישראל־לאַנד־שאַפטן. די גרויסע ליבשאַפט צום נייעם היימלאַנד שפּראָצט אַרויס פון יעדער שאַפונג. דאָ ווערן באַזונגען די ערד, די בערג, די טאָלן, דער אַקער, די בלומען, אַ וואַסערל; דער טייטלבוים, פייגנבוים, באָקסער־בוים — אַלץ וואָס וואַקסט אויף דעם אויפגעבליטן באָדן.

דער ציל, וואָס דער רעדאַקטאָר פון „וואָרצלען", דער פּאָעט אריה שמרי האָט זיך געשטעלט איז: „אַרויסברענגען דעם עיקר־מאָטיוו פון יידישן שאַפן אין ישראל; לאַנדישע פּאַנאָראַמע אין אומבייט פון מדבר צו וואוקס און אויפבוי; ייִד־יחיד און ייִד־כלל אין געוועב פון היסטאָרישן גאַנג" — דאָס איז געוווען דער אַזוי־גערופענער לייט מאָטיוו און קאָמפּאַס.

אין 1966 איז אין ישראל דערשינען די גרויסע אַנטאָלאָגיע פונעם יידיש־שאַפן אין ישראל, „וואָרצלען", וואָס אַנטהאַלט איבער פיר הונדערט זייטן און די שאַפונגען פון פינף־און־זעכציק יידישע דיכטער און פּראָזאַאיקער.

אין דער אַנטאָלאָגיע זיינען דאָ די שאַפונגען פון שרייבער אין די עפּאָכעס. 20 שרייבער פון 1925 ביז 1935. די שרייבער פון פאַר דער מדינת ישראל זיינען פריער געווען שטיינהאַקער און טריקענער פון זומפּן, אַרבעטער וואָס האָבן געטאָן כל עבודת פרך. זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט צו פאַר־שיידענע קראַנקהייטן און צו די רדיפות פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט און האָבן וויניק צייט געהאַט צו שרייבן.

אַן אַנטאָלאָגיע איז אַ שפּיגל פון גייסטיק־קינסטלערישן לעבן פון אַ פאָלק אין אַ געוויסער ליטעראַרישער עפּאָכע. עס איז אַ סאָרט „אינווענטאַר" פון דעם סכום גייסטיקע ווערטן פון אַ געגעבענעם פּעריאָד; אַ בילד פון ווינקלען און שיכטן פון פאָלקס־לעבן.

טויזנטער יאָרן האָבן יידן געבענקט נאָך זייער נאַציאָנאַלער היים. אַלע האָפנונגען און חלומות האָבן זיי איינגעוועבט אין ארץ־ישראל; יום־טוב און וואָך, פון געבורט ביזן טויט האָבן יידן דערמאָנט ירושלים. אַלע

ספרים און אַלע פסוקים רעדן וועגן דעם לאַנד. עס איז דעריבער קיין וואונ־דער ניט, וואָס נאָך דער עטאַבלירונג פון דער מדינה האָבן די יידיש־שאַפער אָנגעהויבן שרייבן און הערן ניט אויף — צוואַנציק יאָר שפּעטער — צו מאָלן און באַזינגען מדינת ישראל.

דער דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו איז געקומען קיין ארץ־ישראל נאָך אין 1924. ער האָט גלייך אַריינגעבראַכט אַ רעבעלישן טאָן אין דער פּאָעזיע. ער האָט געשריבן וועגן נויט, הונגער און וועגן די מענטשן, וואָס וואוינען אין די אָרעמע ליימענע הייזקעס און האָט געמאָנט פון דעם רייכן און זאָטן קלאָס יושר און צדק. ווען די מדינה איז עטאַבלירט געוואָרן האָט ער ווי אַוועקגעלייגט זיין „רויטע פּען" און אָנגעהויבן באַזינגען די שיינע ישׂראל לאַנדשאַפט. ער זינגט אַ לויב ליד זיין טאַטן, דעם געוועזענעם וואַרשעווער „חובב ציון", וואָס האָט אין אים איינגעפּלאַנצט אַ ליבשאַפט צום יידישן לאַנד.

„וואָס דער טאַטע מיינער, דער חובב ציון,
האָט אַריינגעחלומט אין די זילבער־ווייסע האָר —
דערלעבט האָב איך אָן חלום — אויף דער וואָר;
און כ'האָב אָן ציון־בענקעניש, אָן ציון־ווי —
דערלעבט צו עסן פון אייגענעם פּאַרפּלאַנץ
און אייגענעם פּאַרדיי:
די פּרוכט פון שוויס און בלוט אויף אייגן ערד,
וואָס אויסגעלייזט די האָבן מיינע ברידער
מיט דער שאַרף פון אַקער און פון שווערד".

דער דיכטער פּסח בינעצקי (געבוירן ביאַליסטאָק, אין 1921 געקומען קיין ישראל אין 1949, געשטאָרבן אין 1966), איז אפשר געווען דער פּראָגרעסיווסטער דיכטער אין ישראל. ער האָט אויסגעגאָסן זיין ליבשאַפט צו דער אויפקומענדיקער מדינה. חוץ אַ סך אַרבעטער־מאָטיוון פון קאַמף און געראַנגל פאַרן מאָרגן, האָט ער באַזונגען די נאַטור, דעם דאָרף און דעם ים מיט די שענסטע פאַרבן. ווען ער זעט די ליכטיק צעגאָסענע כוואַליעס

## די יידישע ליטעראַטור אין ישראל

**פון אַרומיקן ים, זינגט אַרויס פון אים די פרייד און די אייביקייט:**

„אין קריית עמל איז איצט זומער,
דאָס דערפל פון מי, וואָס מען רופט.
אַ בינשטאָק, אַ גרויסער צעזשומעט
אין לויטערער, באַרגיקער דופט.
אין קרית עמל זיינען סעדער
נאָך טויזנטער מאָל גרינער פון גרין.
אין טויער פון עמק אַ יעדער
— זיין אייגענעם חלום פאַרשפּינט.
און איך, וואָס האָט פוילישע וועלדער
געזען אין מיין קינדערשער וואָר
איך אָטעם די לופט פון די פעלדער
פון אייגענעם יידישן דור".

„ים, דו גוטער! ים, דו שטילער!
כ'טו תפילה, דיר אַ ליד.
כ'זאָל דיין אייביקייט דערפילן
נאָך אין מיין געמיט.
אָט די ליכטיקייט צעגאָסן,
אין דיין גאַנצער ברייט
זאָל אָן גרענעצן, אָן מאָסן,
אויפשטראָמען מיין פרייד".

**דער דיכטער יעקב צבי שאַרגעל רעדט אין זיין ליד צו די יידן פון די שטעט, בעט זיי, זיי זאָלן קומען אָנקוקן ווי דער הימל איז בלוי אין נגב. ער זאָגט, אַז דער הימל „קומט אים אַנטקעגן", שטרעקט אים אויס אַ האַנט און זאָגט אים: „גוט-מאָרגן, גוט יאָר". און ער פאַרזיכערט, אַז „אין לאַנד פון די זאַמדן, די וויסטע", וועט נאָך דער שטויב אויפגרינען...**

**אריה שמרי ציט זיין ניגון פון ווייטע דורות און שעפט זיין בטחון**

## נתן פאָדעמבערג

פאַרן מאָרגן פון עבר. דעם בטחון וועבט ער אַריין אין זיי ליד „אַ מושל ביים ים״:

„ניט גאָלד איז מיין געפינס
אָט־דאָ אויף דעם זאַמדיקן ברעג,
נאָר אַ שערבל אַ דינס
מיט אוצרות פון נעכטיקע טעג.
„אַ מושל־ביין נאָר,
דערטראָגן פון כוואַליע און ווינט,
און ווער ווייס וויפל יאָר,
עס ניגונען דאָרטן אַצינד?

ניגונים פון זיידעס,
איך הער איך זיי אין מושלס געבראָס.
דער ים איז אַן עדות
און ס׳איז אויך מיין עדות די זון״.

דער רחמים־מאָטיוו לויכט אַרויס אין דער פּאָעמע און ליד ווי אין זיין גאַנצער טעמאַטיק. אין זיין גרעסערער פּאָעמע „די פונקען פון תיקון״ מאָלט ער אַ בילד וועגן אַ חסידישן אָרעמאַן, וואָס באַקלאָגט זיך בשעת דער מלווה־מלכה־סעודה אויף זיין דלות. דער רבי איז אים מבטיח, פאַרזיכערט דעם חסיד, אַז ער וועט פועלן פאַר אים ביים רבונו של עולם פּרנסה און אַז דער רבי קאָן אין הימל ניט פועל׳ן, האָט ער רחמנות אויפן אָרעמען חסיד אין אַן אַנדער ליד ברענגט ער אַרויס דעם געראַנגל צווישן דין און רחמים.

דער שוחט האָט טריפה געמאַכט אַ בהמה פון אַן אָרעמען קצב. דער קצב קלאָגט זיך פאַרן רבי׳ן, טענה׳ט, אַז „די מינדסטע בהמה האָט דאָך איר פּאַשע״ און ער מיט זיין משפחה גייען אויס פון הונגער. דער רבי עפנט אויף די ספרים. דער דיין שרייט: דין איז דין. „יעדער אות איז אַ ציגל אין דער דורותדיקע וואַנט! נאָר ביים רבין איז גובר די מידת־הרחמים...

דער דערציילער מענדל מאַן פירט אַרויס די נייע איינגעוואַנדערטע, וואָס יעדער איינער אונטערשיידט זיך פונעם אַנדערן. זיין דערציילונג הויבט ער אָן מיט אימפּרעסיאָניסטישער מאָלעריי: „ווען די ערשטע איינוואוינער האָבן זיך באַוויזן אין פאַרלאָזטן דאָרף זיינען שוין די פּרוכטן פון די סאַברע־קוסטעס געווען אָנגעגאָסן מיט אַן איבערגעצייטיקטער רויטקייט. אויפן שמאָלן, זאַמדיקן וועג זענען געלעגן הויפנס צעפּוילטע, טונקל־רויטע פּירות מיט געעפנטע אינגעווייִדן, ווי אָן־ציינערדיקע יאַסלעס. נאָר אין סאַברע־געסל איז געווען שטיל. אַ ליכטיק בלויער הימל איז געלעגן אויף די קוסטעס, אויפן זאַמדיקן וועגל, און די ליכטיקייט האָט די אויגן אַפּלען אויפגעריסן"

צען משפּחות פון פאַרשיידענע לענדער האָבן זיך אַרייַנגעצויגן אינעם דאָרף, נאָר וואָס מער די משפּחות האָבן זיך פאַרמערט, אַלץ מער איז גע־וואַקסן די פרעמדקייט צווישן זיי. פּוילישע ייִדן האָבן ניט געוואָלט האָבן קיין מגע ומשא מיט די תימנער, אַנדערע מיט די בולגאַרישע, מיט די מאַראָקאַנער. אַנדערע האָבן גאָר געוואָלט צוריקפאָרן...

לייבל חן (שמעוני), וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1925, שילדערט דעם אָרעמען אַרבעטער אין אַ פּרדס. ער דערשלאָגט זיך צו אַ ציג, אַ כזית פּרדס און ווען די ערשטע מאַראַנצן ווערן רייף, רופט ער משפּחה, און שכנים און הייסט זיי אָנרייסן אַביסל מאַראַנצן, און די שמחה איז גרויס...

אברהם קאַרפּינאָוויטש, וואָס איז געקומען קיין ישראל אין 1948 פירט אַרויס אין זיין בוך „דער וועג קיין סדום" אַ ריי טיפּן און כאַראַקטערן. עס איז אַ מעשה וועגן אויסלייגן אַ וועג אין מדבר־סטעפּ. ייִדן פון פאַרשיידענעם אָפּשטאַם, וואָס רעדן פאַרשיידענע שפּראַכן אַרבעטן דאָרטן, הויבן אויף ריזיקע שטיינער, שפּאַלטן סקאַלעס. נאָר די אַרבעטער דאָרטן, זיינען שוין ניט וואָס געווען. זיי פעלט דער אַמאָליקער פּיאָנערן־גייסט. זיי שפּילן אין קאָרטן און זוכן געניוס...

די דערציילונג „דאָס ווייסע הויז" איז אַ מין עקזאָטישע געשיכטע. ער שילדערט גאַנץ נאַטוראַליסטיש די פּראָסטיטוציע און די „העלדין", אַנדזשעלאַ פירט אָן מיט דער „הייליקער עבודה". קאַרפּינאָוויטש מאָלט

אויך אַ צירק־אַרבעטן, וואָס אירע עלטערן זיינען געווען פאַר׳גוי׳אישט. ערשט פאַרן טאַטנס טויט האָט זי אויסגעפונען וועגן זיין יידישקייט. דער סוף איז אַ טראַגישער. דאָס מיידל פאַלט אַראָפּ פון שטריק. זיינע טיפן זיינען מערסטנס געראַטעוועט פון נאַצי־גיהנום. אַ יידישער בחור שפּילט אַ ליבע מיט אַ קאַטוילישׂ מיידל. דאָס מיידל קאָן זיך ניט צופּאַסן צום ישׂראל־לעבן און זי זי פאָרט אַוועק. קאַרפּינאָוויטש שילדערט די חבלי־לידה פון די פאַרשיידענע איינגעוואַנדערטע יידן.

יאָסל בורשטיין, וואָס איז געקומען אין ישׂראלאין 1950, שילדערט יידישע אַרבעטער, וואָס „אַקערן אין דער נאַכט". זייהאָבן ליב דעם רעש פון טראַקטאָר און קוויקן זיך מיט דער ישׂראל לופט. איינער פון די צוויי העלדן, איז פאַרוויקלט אין אַ ליבע־אינטריגע. ער האָט פאַרבינדונגען מיט לאַטין, וואָס רייצט אים מיט איר עראָטיק. עס אז אַן עקזאָטיש־עראָטישע דערציילונג, וואָס איז זיכער ניט טיפּיש פאַרן ישׂראל־לעבן.

אַנדערש זיינען לייב ראָכמאַן (אין ישׂראל זינט 1950) און ישׂראל קאַפּלאַן. דער צווייטער פאַרמאָגט פון שלום־עליכמש׳ן הומאָר. אין זיין דערציילונג „שקר והבל" שילדערט ער אַ שדכן, וואָס טראָגט אַרום אַ ביכעלע וואו עס זיינען פאַרשריבן די נעמען פון בחורים און מיידלעך. ער פּראָוועט שדכנ׳ישע שטיק אַלאַ מנחם־מענדל, קאָן ניט אָפּלויבן די באַשערטע, וואָס ער וויל צונויפפירן, און טאָמער לאָזט זיך אויס אַ טייך פונעם שידוך, איז „ניט געפידלט"... טויגן ניט דער חתן אָדער די כלה.

לייב ראָכמאַן מאָלט אין זיין דערציילונג „די ראָד" אַ שבת־נאַכט אין ירושלים. ער שילדערט דעם יוגנט־ברויז ביי די פרומע, יידישע זין און טעכטער, ווי זייערע הערצער בענקען איינער צום אַנדערן. אַ צניעות׳דיקע ליבע פון אַלטן שטייגער לעבן.

ניט אַלע ישׂראל דערציילער זיינען גלייכוואָגיק. ביי אייניקע פעלט דער סאָציאַלער מאָטיוו און אייניקע ליידן בכלל פון אידייען־מאַנגל, נאָר בדרך כלל, אין אַלגעמיין, קאָן מען זאָגן, אַז די ישׂראל־פּראָזע האָט שוין געמאַכט איר אייגנאַרטיקן בייטראָג פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

# ישעיה שפיגל — דער שרייבער פון דער געטא

אַ סך שרייבער האָבן גע־שילדערט דעם יידישן חורבן פון די נאַצי־מערדער. די שרייבער, וואָס האָבן אַליין צוגעזען ווי מען האָט גע־פירט די יידן צום טויט, די וואָס זיינען אַליין געווען אין די געטאָס און אין די לאַגערן, צוגעזען די גאַז־אויוונס האָבן גענוג געשילדערט אין די גרויליקסטע פאַרבן דעם גרויסן חורבן. עס האָט נאָר געפעלט אין דער יידישער ליטע־ראַטור דער שטילער זיפץ, די נשמה־פיין פון די קדושים.

די חורבן־שרייבער האָבן געמאָלן די זעקס מיליאָן קדושים בלשון רבים, זיי האָבן פאַראַלגעמיינערט די יידישע טראַגעדיע. דער דיכטער יצחק קאַצענעלענסאָן, האָט אין זיין באַוואוסטער פּאָעמע „דאָס ליד פון אויסגעהרג׳עטן יידישן פאָלק״, פאַראַלגעמיינערט די יידישע טראַגעדיע. אין זעלבן טאָן האָבן געשריבן אַנדערע שרייבער. שווער געווען פאַר זיי אויסטיילן דעם יחיד, אַרויספירן אַ באַזונדערן יידישן קרבן אין אַ ווערק. די חורבן ליטעראַטור איז דערפאַר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מאַסן־געוויין, אין אַ מין פאָלקס־קינה, אַ בציבור׳דיק קלאָג־ליד אויף די מיליאָנען.

די ליטעראַטור וועגן חורבן איז ביז אַ געוויסן גראַד געוואָרן איינ־טאָניק, פול מיט רעפּאָרטאַזש־שילדערונג און אוניפאָרמיש.

יידישע שרייבער האָבן ניט געקאָנט שאַפן אויף אַן אַנדער טעמע ווי דעם חורבן און זיי האָבן זיך געמוזט איבער׳חזר׳ן. אין אַן עסיי וועגן דעם פוילישן שרייבער (פון יידישן אָפּשטאַם) אַדאָלף רודניצקי, שרייבט יהושע גלבוע: „רודניצקי האָט געשלאָסן אַ יצירה־בונד מיט דער אויוון־תקופה און ער איז איר געבליבן טריי. ער איז ניט מסוגל זיך אַרויסצורייסן פון די גאַז־קאַמערן. עס שיינט, אַז די מתים זיינען פאַר אים מער לעבעדיק ווי די לעבעדיקע גופא. עס טרעפט, אַז אין אים דערוועקט זיך דער לעבנסווילן,

אָבער זעלטן. .. מען קאָן אָבער ניט לעבן אויף בערגלעך אַש״. (גאָלדענע קייט, נומער 48).

ווערק פון גאָלע טראַגישן שטאָף, ווי קינסטלערישע זיי זאָלן ניט זיין, האָבן ניט קיין לאַנגן קיום. דאָס איז צייט־ליטעראַטור. מען לייענט די ווערק כל־ זמן די וואונד איז נאָך פריש, דערנאָך בלייבן זיי ליגן אויף די שטויביקע פּאָליצעס. די ביכער זיינען געגליכן צו אַמוניציע. כל זמן די מלחמה דויערט באַנוצט מען זיך מיט כלי־זיין, דערנאָך ווערט דאָס געווער פאַרזשאַווערט.

אַן אייגנאַרטיקער שרייבער וועגן חורבן איז י ש ע י ה ש פּ י ג ל, אַ טאַלאַנטירטער דיכטער, ראָמאַניסט, דערציילער און עסייאיסט, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם היטלער־גיהנום אין לאָדזש, און וואוינט איצט זינט 1950 אין ישראל.

שפּיגל ציט אין זיין שאַפן די קלאַסישע ליניע פון דער יידישער ליטעראַטור. די עטיק פון די קלאַסיקער, זייער מיטגעפיל מיטן צער פון יחיד באַלויכט זיין שאַפן. שפּיגל איז אַ קינסטלערישער רעאַליסט. ער קאָפּירט ניט דאָס געזעענע, דאָס פאָטאָגראַפישע, אויסערלעכע פון לעבן. ער ווייזט דאָס אינעווייניקסטע, תוכיקע. זיינע דערציילונגען זיינען גרויסע סימבאָלן פון אונדזער לעבן און אומקום.

אין זיין עסיי „די לעגענדע פון דער געטאָ יצירה״, האָט י. שפּיגל אָנגעוויזן אויף די צילן, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, בעתן באַשרייבן דעם חורבן. „איך האָב זיך באַמיט צו ווייזן דאָס אומשטערבלעכע פון דער יידישער נשמה אין דעם שטאַרבנדיקן גוף. איך האָב געזוכט דאָס טראַגיש־העראָאישע, דאָס רוחניותדיקע אינעם תהום, כדי אַרויסשיילן דאָס אייביקע פונעם צייט־לעכן, דאָס דויערנדיקע פונעם פאַרגענגלעכן, און דאָס אַלמענטשלעכע פונעם יחידישן. איך האָב געוואָלט געבן אַזאַ רעאַליזם, וואָס איז ליכטיקער סימבאָל. ליכטיקער חלום, און ניט די שוואַרצע און טריבע אויטענטישקייט פון אונדזער לעבן. די ליטעראַטור דאַרף עפענען די טויערן פון ערדישן גיהנום, אָבער גלייכצייטיק טאָר זי ניט פאַרלירן דעם גלויבן אין גוטע מענטשלעכע האַנדלונגען. די דערציילערישע קונסט איז ניט געשאַפן צו ווייזן דאָס פיזיש־

פון געשעענעם, נאָר זי איז מחויב אויפצוהייבן דעם געפאַלענעם, אים געבן קינסטלערישע פרייד ,אַרויספירן אים פון זיינע ספיקות, סתירות און ראַנ־גלעניש צו אַלץ מער זיגרייכע מענטשלעכע האָפנונגען".

שפּיגל מאָלט דעם גרויסן חורבן, די טיראַנישקייט פון די נאַצי־מערדער, נאָר אויף אַ קינסטלערישן אופן. זיין שרייבן איז ניט שרייענדיק און יאָמערנדיק, ניט קיין ספּאַזמע־געוויין, נאָר אַ שטילקייט, וואָס שרייט.

די דייטשן האָבן מטמא געווען דעם יידישן גוף, געוואָרפן די יידן אין מאַסן־גריבער, פאַרסמט דעם יידישן געביין. שפּיגל הייליקט דעם יידישן, פון הונגער־געשוואָלענעם גוף. ער באַגלייט יידישע לוויות אין דער געטאָ מיט בלומען און רויזן.

אין דער דערציילונג „ניקי" מאָלט שפּיגל אַ זוניקן פרימאָרגן. די קנאָספן צעעפענען זיך, די בליעכץ פאַלט אויף די אָנגעפּאַקטע וואָגאָנען מיט די טויטע קערפּערס. עס זעט אויס, אַז די נאַטור אַליין באַגלייט די קדושים מיט שיינקייט. אַ רמז, אַז די שיינקייט וועט סוף־כל־סוף זיגן איבער דער מיאוסקייט, דאָס מענטשלעכע איבער דער רשעות.

אין זיין ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד" שילדערט ער דעם פחד פון ייד, וואָס דערזעט די חיה'שע אויגן פון דער דייטשער וואַך. ער גייט דורך אַ בריק פון אָדער צו דער געטאָ. ער שילדערט דאָס לעבן פון אַ יונג בענקענדיק פּאָרל אין דער געטאָ. די דייטשן האָבן זיי פאַנאַדערגעריסן, אָבער ניט זייער בענקשאַפט. ער שילדערט דאָרט אויך אַ פידל־קינסטלער, וואָס די נאַציס האָבן פאַרברענט זיין משפחה, און זיין איינציק געבליבענע טרייסט איז די פידל. אויף דער פידל באַוויינט ער זיין גורל. די נאַציס נעמען ביי אים צו דעם שפּיל אינסטרומענט און זיי צעברעכן אים איבגאַנצן.

שפּיגל מאָלט אַן אַלטן דינער אין אַ קירך, וואָס קלינגט יעדן אָוונט מיטן קירכן־גלאָק, כלומרשט צו פאַרטרייבן די זינדיקע נשמות, אָבער ער איז אין דער אמת אַ פאַרטיזאַן. ער באַהאַלט אויס די קעמפער אין קעלער פון דער קירך און דער גלאָקן־געקלאַנג איז אַ מין געהיימע שפּראַך, אַז דער דרויסן איז פריי און זיי קאָנען אַרויס פון זייער באַהעלטעניש.

# אַ הומאָריסט פון ישראל

דער גלאָקן־ציער, ווי די אַנדערע ליכטיקע געשטאַלטן, שיינען ווי סימבאָלן פון בטחון קעגן דער רשעות פון דער צייט.

אין זיין בונקער־באַלאַדע „און געוואָרן איז ליכט", מאָלט ער די טראַגעדיע פון אַכט יידן, וואָס לעבן אין אַ בונקער. די יידן, אין דער דער דערוואַרטעניש פונעם טויט, טוען זיך אָן אין טליתים. זיי זאָגן ווידוי..

איין ייד וויל ניט גיין צו דער שחיטה ווי אַ שאָף און ער דונערט אויס: „יידן, גאָט וויל ניט אַזאַ קידוש השם, פון הכנעה, פון קרבן. ער וויל קידוש העם".

דאָס ליד וואָס שפּיגל האָט געווידמעט דעם גרויסן לאַטיין־אַמעריקאַנער דיכטער פּ אַ בּ ל אָ נ ע ר ו ד א, פאַרמאָגט דעם מאָטיוו פון זיין אייגענעם שאַפן. שפּיגל שרייבט:

„דאָס קערנדל, וואָס האָט זיך צעבליט לעבן דיר ,אויפן פינצטערן פעלד, וואַרט אויף אַלעמענס אויסגעשטרעקטע הענט. פון מזרח און מערב, פון צפון און דרום. עס וואַרטן אויף דיר פאַראַשטע הענט פון אַלע ערדישע קברים", — — — — —

# יוסף שטשאַווינסקיס בוך פון חורבן

דאָס פייער פון די קרעמאַ־טאָריעס איז שוין לאַנג פאַרלאָשן. דער רויך פון פאַרברענטע לייבער איז שוין אַוועק מיט די אבלדיקע ווינטן. אָפּגע־טעמפּט איז די שאַרף פונעם חלף. גראָזן, געוויקסן אוןביימער האָבן שוין פאַרדעקט די ערד מיט די לעבע־דיק־באַגראָבענע יידן. נאָר עס לעבט נאָך פריש אין זכרון און אין באַ־וואוסטזיין די גרוילִיקייטן פון די נאַצי קאַניבאַלן. ס'איז ווי אַ פאַרדישעט פייער. עס טליִען נאָך פונקען.

די פונקען גליִען אויף אין פאָרם פון מגילות וועגן דער גרויסער יידישער טראַגעדיע.

דער דערציילער יוסף שטשאַווינסקי שילדערט די איינדרוקן פון זיין לעבן און איבערלעבן, זיין פּיין אין קאַמף ווי אַ פאַרטיזאַנער אין פּוילישע וועלדער אין די צייטן פון די נאַצי־מערדער. ער האָט „אָפּגעפּינצטערט זיבן און צוואַנציק חדשים" אין אַ זעמליאַנקע (בונקער) צוזאַמען מיט נאָך חברים העלדן און מאַרטירער און האָט די איבערלעבונגען פאַראייביקט אין זיין בוך דערציילונגען „אונטער איין דאַך".

בעת אַנדערע ווערק וואַרפן אָן מורא און פּחד און מען לעבט דורך מיטן מחבר אויף אַ „ווייל" די קרעמאַטאָריעס, די זייף־פאַבריקן און דעם גאַנצן זעקס־מיליאָניקן מאַסן־קבר, זעען מיר אין שטשאַווינסקיס בוך יידישן העלדן־מוט, גבורה און נקמה, אַז עס ווערט „גרינגער" אויף דער נשמה.

„קינדער מיינע, איר זאָלט זיך נאָר ניט אונטערגעבן היטלערן!" זאָגט בתיה'ס פאָטער אין זיינע גוסס'דיקע רגע'ס. בתיה פירט אויס זיין צוואה.

## יוסף שטשאַווינסקיס בוך פון חורבן

זי גנב׳עט זיך אַרויס פון געטאָ, שליסט זיך אָן אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וואָס איז אַוועק נקמה נעמען אין די רוצחים. זי האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פּויעריש „שיקסל״, גענומען אָן האַנט אַ קוישל גראַנאַטן און איז מיט זיי אַנטקעגן געגאַנגען דער דייטשער וואַך. די דייטשע מערדער האָבן געשמייכלט, זיך געמאַטערט צי וועמען זי וועט פריער געהערן...) אָבער בתיה האָט אַ שליידער געטאָן די גראַנאַטן און האָט דערלעבט צו זען ווי דער „שונא באָדט זיך אין אייגן בלוט״.

פון זעכציק פּאַרטיזאַנער זיינען געבליבן אַכט אין דער „זעמליאַנקע״, נאָר דאָס נקמה־געפיל איז ניט געמינערט געוואָרן. פאַרקערט, עס איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. דאָס לעבן האָט שוין ניט געלאָקט. מען האָט זיך גע־וואונטשן אַ גיכן טויט, וואָס וועט אויסלייזן פון גרויל, און מען האָט באַלד חרטה געהאַט, געוואָלט דאָס לעבן זאָל דויערן וואָס לענגער כדי צו דערלעבן איז גרייט געווען געשיקט צו ווערן אויף דער „מיסיע״, און מען האָט געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל האָבן די זכיה צו גיין אין דער שליחות.

דער גורל איז אויסגעפאַלן אויף יאַנקלען. ער איז געווען דער יינגסטער. מען האָט געהאַלטן, אַז ער איז נאָך יונג, אָבער ער איז נאָר באַשטאַנען: ער וויל גיין! שפּאַנט ער איבער די אָפּגעזונדערטע וועלדער ,איבער גרודעס ערד, איבער די איבעגעבליבענע שפּיצן פון אָפּגעקאָסעטע פעלדער, וואָס שטעכן זיינע פיס. ער דערגרייכט אַ פּאַרטיזאַנער־שטיבל און גיט איבער וועגן קלאַנגען, אַז מען פירט יידן קיין טרעבלינקע. יאַנקל און וואָלף לאָזן זיך צו דער באַן. זיי באַפּוילן דעם וועכטער, ער זאָל סיגנאַליזירן די באַן זאָל בלייבן שטיין. זיי רייסן אויף די טירן פון די וואַגאַנען און רופן אויס: „יידן, מיר זיינען פּאַרטיזאַנער! אַנטלויפט, ראַטעוועט זיך! יידן שפּרינגען פון דער באַן. זיי לויפן אין די וועלדער און שליסן זיך אָן אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער.

דער ליינער געפינט אַ טרייסט אין די בילדער .ער שיקט זיינע ברכות צו די העלדישע, בתיה׳ס און יאַנקלס. דער ליינער צאַפּלט בעת׳ן לייענען. ער וויל וויסן צי די פּאַרטיזאַנישע שליחות וועט געלינגען, נאָר דער בטחון,

## נתן פּאָדעמבערג

דער גלויבן אַז די נאַצי־חיה מוז באַזיגט ווערן גיט צו מוט און גבורה.

דער בוך שילדערט די ערגסטע נאַצי־אכזריות. שווער צו באַנעמען, אַז עס האָבן געקאָנט לעבן אַזעלכע חיות אין מענטשן־געשטאַלט. פּראַנצל, דער זשאַנדאַר פון געטאָ, פּלעגט דערשיסן אַ יידן פאַר פרישטיק. ער פּלעגט ער האָט געזען ווי היגט לעקן דאָס בלוט פון אַ טויט־צעביסענעם יידן.

די היטלער־מערדער איז אָפט געלונגען אַרויסצורייסן יעדער מענטש־לעכן געפיל ביי די קרבנות. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן לויטן כלל פון „אדם קרוב לעצמו" געפּרואווט ראַטעווען אויפן חשבון פון אַנדערע. עס האָבן זיך איינגעווערעמט אַזעלכע יידן־ראַטלער ווי די רומקאָווסקיס. אָבער ווי מיאוס זייערע פּרצופים זענען אויס קעגן אַזעלכע שטראַלנדיקע געשטאַלטן ווי איציק וויטנבערג פון ווילנע, יצחק מעלאַמעד פון ביאַליסטאָק, אָדער די הייליקע גבורה'דיקע געשטאַלט פונעם רב אין שטשאַווינסקיס אַ דערציילונג.

מיט פרייד לייענען מיר די שילדערונג וועגן דעם טאָג פון היטלערס מפּלה, דעם טאָג פון באַפרייאונג און דערלייזונג: „דער שטורעם פון מזרח האָט זיך דערנעענטערט. די וואַלד־ביימער האָבן זיך צעשאָקלט, צעברומט. די יונגע קוסטעס האָבן אויפגעציטערט און אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שניי. אָוונט־צייט האָט זיך דער פּוילישער באַלד צוזאַמענגעגאָסן אין אַ שוואַרצער בייזקייט. בייט ראַנד פון וואַלד האָבן שטיקער פייער זיך געריסן צום אַנגעברוגזטן הימל. דער וויטיקידיקער הונגער, וואָס האָט זיך איינגע־געגעסן אין די לייבער, איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן. גאָר אַ נײַ געפיל האָט מיך באַהערשט. אַ וועלט פון פרייהייט! און דאָרט אויפן באַרג, האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט, שטייט אויף תחית־המתים מיין שטעטעלע. אַלע גרייטן זיך אַוועקגיין פון טרעבלינקע, פון מיידאַנעק. אָס־די אַלע פאַרזיגלטע צוגן, מיט די קאַלך־וואַגאָנעס, זיינען איצט אָפן, לופטיק און מיט דער גרעסטער שנעלקייט לויפן זיי צוריק"...

נאָך דער נאַצי־מפּלה איז שטשאַווינסקי געקומען קיין ישראל. אין זיינע ישראל־שאַפונגען דערציילט ער וועגן לעבן פון די פּליטים, וואָס זיינען געקומען פון די מאָרד־לאַגערן. ער שילדערט ווי די נייע עולים האָבן זיך באַזעצט אויפן טרוקענעם באָדן און זיך אָנגעהויבן צופּאַסן ביסלעכווייז

צום נייעם לעבן. עס איז ניט גרינג פאַר די, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם גרויל אין די געטאָס, זיך צוגעוואוינען צום נייעם לעבן און אָנהויבן אַלץ אויפסניי, ווען די גאַז־קאַמערן און די שאָטנס פון זייערע אייגענע און ליבע שוועבן נאָך פאַר זייערע אויגן. דער שרייבער אַליין איז אַרויס פון עמק־הבכה, ווי ער זאָגט, „אַ ריין־געטובלטער. דאָס איז מיין פאַרמעגן". און מען דאַרף צוגעבן — אַ פאַרמעגן וואָס ניט אַלע זיינען זוכה צו אים. דאָס איז דער פאַרמעגן פון זיינע דערציילונגען וועגן יענעם טרערן־טאָל, וואָס איז אויך געוועזן אַן אָרט פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע און גבורה.

# אַ הומאָריסט פון ישראל

הומאָר היילט און דערקוויקט, מאַכט אונדז פאַרגעסן אין אַלע צרות, און וועפּט אויס דעם שאַרפסטן טרויער. אין די ערגסטע צייטן און אונטער די שווערסטע באַדינגונגען האָבן מענטשן געלאַכט. אפילו אין די גיהנום׳דיקע געטאָס האָבן מענטשן געשאַפן הומאָר.

עס זיינען פאַראַן צוויי סאָרטן הומאָר: דער אומשולדיקער, פשוטער הומאָר. דער הומאָר פון איינעם, וואָס דערציילט אַ מעשה און מאַכט לאַכן. יידן וואָס דערציילן מעשות, וואָס מאַכן לאַכן, געפינען מיר ביי מענדעלען און ביי שלום עליכמען, איבער גענוג. פאַראַן אויך אַ טיפערער הומאָר. דער הומאָר מיט אַלע עלעמענטן פון סאָציאַלער סאַטירע, וואָס זיין אויפגאַבע איז ניט נאָר שאַפן געניוס און פאַרווייזונג, נאָר דעמאַסקירן די אייגענע מעשים און דאָס פירעכץ פון דער געזעלשאַפט.

אברהם גאָפּלאַט האָט דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום ער איז אַוועק פון זיין היימשטאָט לאָדזש, אונטער די נאַציס, איז געווען אין סאָוועטן פאַרבאַנד, און איז אין 1948 געקומען קיין ישראל. ער איז אַ רעצנזענט, אַ פעליטאָניסט און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַנד הומאָריסטישע דערציילונגען „געשטויגן און געפלויגן״ (תל אביב, 1948).

אין גאָפּלאַטס דערציילונג „נאַרגילע״ דערציילט ער וועגן אַ יידן, וואָס קומט אין דער „לשכת עבודה״ (אַרבעט־ביורא) צו זוכן אַזאַ אַרבעט, וואָס „מען דאַרף ניט אַרבעטן״... דער דאָזיקער ייד האָט זיך פריער אין דער אַלטער היים, „געדרייט״ און פון דעם געהאַט פרנסה... דער באַ־אַמטער דערקלערט אים, אַז „דרייען זיך״ איז ניט קיין פאַך, און אַז דאָ נויטיקט מען זיך אין פּראָדוקטיווע מענטשן. ער לייגט אים פאָר אַרבעט אין אַ פּרדס, צו רייַן מאַראַנצן אָדער לימענעס. ענטפערט דער ׳דרייער״, אַז ער האָט מורא קריכן אויףביימער און אַז ווען ס׳איז הייס קאָן ער ניט אַרבעטן...

פאַראַן אין דעם סאָרט הומאָר די מנחם־מענדלשע עלעמענטן, וואָס

דעמאַסקירט דעם לופט מענטשן. אָבער פאַראַן אויך איינפּאַכער הומאָר אין גאָפּלאַטס דערציילונגען. ווי, למשל, „אַ חשבון פון אַ יידענע". זי קאָן ניט באַנעמען, פאַרוואָס מענטשן גיבן אויס אַזויפיל געלט כדי צו פליען איז די הימלען. פאַרוואָס זאָל מען בעסער ניט טראַכטן וועגן לעבן אויף דער „זינדיקער ערד"? די עראָפּלאַנען קאָסטן אָפּ אַ מטמון און עס פאַלט שווער אויף די אָרעמע מאַסן, וואָס דאַרפן צאָלן שטייערן. פאַרן געלט וואָס מען גיט אויס אויף אַ ראַקעטע, וואָלט אַן אָרעמע פאַמיליע געקאָנט אָפּלעבן די פּאָר יאָר אָן דאגת פּרנסה...

געוויסע דערציילונגען ליידן פון לייכטן וויץ און זייער שפּראַך איז צופיל נאַטוראַליסטיש אַזעלכע זיינען די דערציילונגען: „ווען מענער וואָלטן געדאַרפט שוואַנגערן" און „מיר אַ לעבן פון גאָרניט": אין דער ערשטער דערציילונג בלייבט דער פאָטער איבער אין דערהיים מיטן קינד, בעת זיין פרוי גייט אַוועק שפּילן קאָרטן. נאָך האַלבע נאַכט קלאַפּט עמיצער אין דער טיר. די קאָרטן־שפּילער לויפן זען ווער עס קלאַפּט. טרעפט מען דעם מאַן, וואָס איז געבליבן מיטן קינד, ליגט אַן אויסגעצויגענער אויף דער ערד. מען נעמט אים אַוועק אין שפּיטאָל און מען גיט אים אַן איינשפּריצונג. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט בלויז געהאַט אַ צאָן־ווייטיק און האָט זיך אַביסל אָנגעשיכורט... אַביסל איבערטריבן.

אין „מיר מאַכן אַ לעבן פון גאָרניט", שילדערט גאָפּלאַט אַ יידן, וואָס גייט זוכן אַן אַרבעט. ער איז גרייט צו טאָן „וואָס עס מאַכט זיך", זאָל אפילו זיין אַ גאַסן־קערער, — „אַבי אַרבעטן!" — דער באַאַמטער זאָגט אים, אַז דאָ נויטיקט מען זיך אין „מוח־אַרבעטער" און דערווייל איז דאָ ניטאָ „ווער עס זאָל אָנמאַכן" דאַרף מען ניט רייניקן... זאָגט דער ייד: „פאַרוואָס זעט מען ניט עס זאָלן יאָ זיין אַזעלכע. אַדרבה, גייט אַליין אַרויס אין גאַס און... „מאַכט". עס איז אַ צו פּשוטער, אויב ניט וואולגאַרער הומאָר.

די פּאָר דערציילונגען זיינען אַן אויסנאַם אין אַלגעמיין איז אברהם גאָפּלאַטן געלונגען אין זיין הומאָריסטישן בוך צו געבן דעם „קרומע שפּיגל" פון ישראל לעבן. ער באַקאַנט אונדז מיט דעם געמיט און מענטאַליטעט פון די נייע עולים, וואָס זיינען אַהער געקומען פון פאַרשיידנע שטייגערס און פון אַ פאַרשיידענעם שטייגער־לעבן.

# „ספר - הזכרון סאקאלאוו - פאדאליאסק

## מיין היים־שטעטל

צו די הונדערטער און אפשר טויזנטער שוין־דערשינענע יזכור־ביכער, וועגן דער באַרבאַרישער אויראָטונג פון מיליאָנען שוצלאָזע יידן, אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, איז צוגעקומען נאָך איינס און דאָס איז דער סאָקאָלאָווער יזכור־בוך.

העכער זיבן טויזנט יידן האָבן די היטלער־מערדער אויסגעהרגעט אין אונדזער שטעטל. זיי האָבן פאַרטראַכט די גרויזאַמסטע מאָרד־מיטלען, צעריסן קינדער אויף צווייען, באַגראָבן יידן לעבעדיקערהייט, געהאַלטן הונדערטער יידן אין וואַגאָנען אָן אַ ביסן ברויט, אָן אַ טראָפּן וואַסער — גאַנצע טעג. האַלב־טויטע האָט מען די יידן אָוועקגעפירט אין די גאַז־קאַמערן. ניטאָ דער קינסטלער, וואָס זאָל קאָנען איבערגעבן די פּיינפולע געפילן און די גרויל־איבערלעבונגען פון די קדושים.

צוואָנציק דורות יידיש לעבן האָבן די רוצחים אויסגעוואָרצלט. איינגעפונדעוועטע קולטור־אינסטיטוציעס חרוב געמאַכט. ס׳איז ניט געבליבן קיין איין־איינציקער ייד אין אונדזער שטעטל. אַלע זיינען אבלים, וואָס זיצן שבעה נאָך די טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער און משפחות פון סאָקאָלאָוו פּאָדליאַסק — דאָס שטעטל, וואָס ליגט נאָענט צו דער מאָרד־פאַבריק: טרעבלינקע, פון וואַנען עס האָט זיך טאָג־און־נאַכט געטראָגן דער ריח פון די פאַרברענטע גופים. מיר לייענען די נעמען פון די לעבעדיק־באַגראָבענע, די פון הונגער־אויסגעגאַנגענע; מיר קוקן אויף פאָטאָגראַפיעס פון די פאַרברענטע הייזער, אויף די לײדיקע בתי־מדרשים, אויף די פוסטע גאַסן און אויף די בחורים, וואָס גראָבן גריבער אַריינצוואַרפן די קדושים, און עס גיסן זיך טרערן אויף די בלעטער פון דעם 750-זייטיקן בוך, און מיר? מיר טרייסטן זיך מיט די לעבן־געבליבענע, וואָס האָבן צונויפגעקליבן מאַטעריאַלן וועגן אונדזערע נאָענטע ווי אַ זכר לדורות.

העכער הונדערט סאָקאָלאָווער באַטייליקן זיך אין דעם יזכור־בוך. יעדער איינער שילדערט אַן אַנדער בילד, איבערלעבונג, פּאַסירונג. און אַלע צוזאַמען שפּיגלען אָפּ אַלע פּאַזן פון אונדזער שטעטל, זינט די ערשטע צייטן ווען אונדזערע אור־אור־עלטערן האָבן זיך דאָ באַזעצט, ביז דעם לעצטן אומקום.

אָס בוך איז גענומען פון דער קליינער צאָל לעבן־געבליבענע עדות אין ישראל און אין די תפוצות (אַנדערע לענדער). מערסטע באַשרייבונגען זיינען אין יידיש און בלויז אַ קליינער טייל אין העברעאיש. חיים בר שלום (פרידלוב) שרייבט וועגן בוך: „זאָלן מיר דערציילן פאַר אונדזערע קינדער, כדי דער אָנדענק פון דער יידישער קהילה סאָקאָלאָוו זאָל דערגיין לדור דורות.

וועגן דער אַנשטייאונג פון סאָקקאָלאָוו גיט אַן אויספּיר־רלעך היסטאָריש בילד יצחק רייזמאַן פון דעמיראָיט. ער דערציילט ווי אַזוי די שטאָט איז איבערגעגאַנגען פון איין פירשטנטום צום צווייטן; ווען די ערשטע יידן האָבן זיך דאָ באַזעצט. ער דערציילט וועגן דער אַנטיסעמיטישער ראָל פון די גלחים און די עלילת־דם פּראָצעסן, דעם גוראַנגל פאַר דעם יידישן קיום, די ראָל פון דער יידישער קהילה, סטאַטיסטיק וועגן יידישע פרנסות.

אין בוך זיינען אויך דאָ אַלגעמיינע בילדער וועגן סאָקאָלאָווער בעלי־מלאכות, וועגן זייער שווער לעבן. זיי האָבן געאַרבעט 18 שעה אַ מעת־לעת ז״ך אַרומגעשלעפּט איבער דערפער, גענייט מלבושים, פאַרריכט שיך. ס׳איז געווען אַ געמאַטערט לעבן. אין דיבאַשרייבונגען פון משה זאַיאַנץ, פרץ גראַנאַטשטיין, נתן פּאָדעמבערג, נטע קויפמאַן. זעען מיר די נאָענטע, אייגענע, די שיינע לאַנדשאַפטן, אידילישע נעכט, יום־טובדיקע טעג. עס איז אַ בילד וועגן אַלע חג׳ען פון אַ יידישע לעבן.

אַ וויכטיק אָרט אין יידישן לעבן פון סאָקאָלאָוו האָט פאַרנומען דער קאָצקער רבי. גד זאַליקאָווסקי (פתח תקווה), וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין רבינ׳ס הויף, דערציילט וועגן דער פּערזענלעכקייט פון דעם טיפן למדן, דעם חכם, רופא און דענקער, רבי יצחק זעליג מאָרגנשטערן און וועגן דעם

גרויסן איינפלוס, וואָס דער רבי האָט געהאַט אויף די יידן פון די שכנות׳דיקע שטעטלעך. אין רבינס באַרימטער ישיבה האָבן געלערנט הונדערטער קינדער. דער רבי איז אויך געווען באַרימט אין נ׳ט־יידישע קרייזן אין 1810 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַן אַסיפה אין פעטערבורג. די חסידים וואָס פלעגן קומען אין שטעטל האָבן אַריינגעבראַכט יום־טובדיקייט. זאַליקאָווסקי שרייבט מיט אַ סך ליבשאַפט און באַהאַוונטקייט.

היסטאָרישע דאָקומענטן זיינען די באַשרייבונגען צו דער געשיכטע פון „בונד" אין סאָקאָלאָוו און וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג (פון חניני ראָטשטיין, יעקב גרינבערג, ברוך ראָזענבוים. ווערטפולע מאַטעריאַלן זיינען אויך די פאַרצייכענונגען וועגן דער נאַצישער אָקופּאַציע און די יידישע פּאַרטיזאַנער. די אָפּטיילונג „חורבן" מאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויפן לייענער.

דער ספר הזכרון נאָך סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי איז אַ הייליקע היסטאָרישע מצבה נאָך אַ וויכטיקער יידישער קהילה אין יידיש־פּוילן. עס איז אַ יזכור בוך נאָך אַ שטאָט, וואָס איר גייסט וועט אייביק לעבן אין די הערצער פון אירע אָפּשטאַמיקע.

# זכרונות פון ערשטן מאי

דעם ערשטן מאי האָט אַ ליכטיקע זון געלאַשטשעט און געגלעט אונדזער שטעטל. אירע שטראַלן האָבן גיפינקלט אין אַלע ווינקלען און האָבן געצונדן דאָס שטרוי אויף די דעכער פון די פויערשע הייזער און שייערן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גליענדיקע דראָטן.

אַן אַראָפּגעפאַלענער שטראַל פון אַ דאַך האָט אַ בליאַסק געטאָן אין פענצטער פון חיים קאַטשניקס קעליער־שטוב. דער שטראַל איז געפאַלן אויפן ליימענעם דיל, וואו דער קליינער לייזער־וועלוועלע איז געשלאָפן, ווי אַן אָנזאָג, אַז עס איז שוין העלער טאָג. חיים האָט זיך שנעל אָנגעטאָן, זיך גע־וואַשן און געשטעלט דאַוונען. לייזער־וועלוועלע האָט אָנגעטאָן זיין יום־טובדיק רעקל, די שבתדיקע שטיוועלעך און זיך געגרייט צו דער פייערונג.

מען האָט אים גערופן דער קליינער לייזער־וועלוועלע. ער איז געווען אַ נידעריקער און אַ דאַרער, אַ בלייכער מיט צוויי קליינע בלישטשענדיקע אויגן. ער האָט געדאַרפט דורכפירן אַ הייליקע שליחות: באַזאָרגן רויטע שלייפעלעך, אַ פאָן און פּראָקלאַמאַציעס צו דער מאַי־פייערונג. ער איז געווען דאָס עלטסטע קינד אין אַ גרויסער אָרעמער משפחה. זיין טאַטע האָט אים' פרי אָפּגענומען פון חדר און אים מיטגענומען קלייבן ברוכוואַרג. לייזער וועלוועלע פלעגט שלעפּן, ווי אַ ריקשע, דעם צוויי־רעדערדיקן וואָגן. זיין טאַטע פלעגט אים שטופּן און דערביי אַכטונג געבן, אַז דאָס יינגל זאָל ניט פאַרלירן דאָס אָנגעקליבענע „פּאַרמעגן".

די קינדער האָבן אים גערופן דאָס 'פערד". פון אָנהויב האָט עס אים ניט פאַרדראָסן. ער האָט געהאַלטן אַז זיי זיינען אים מקנא, וואָס ער שלעפּט אַ וועגעלע אָבער ביסלעכווייז האָט עס אים אָנגעהויבן פייניקן. ער איז איינ־מאָל אַריינגעלאָפן אין הויז מיט אַ געוויין: „איך וויל מער ניט זיין קיין פערד". דער טאַטע האָט אים אָפּגעגעבן אויף דער לער צו אַ שוסטער אויף פינף יאָר.

דער קליינער האָט געהאַט אַ גוט שטימעלע, ער פלעגט זיך אויסלערנען די לידער, וואָס די געזעלן האָבן געזונגען ביים וואַרשטאַט. מער פון אַלע לידער האָט ער ליב געהאַט דאָס ליד „העמערל, העמערל קלאַפּ, קלאַפּ שטאַרקער אַ טשוואָק נאָך אַ טשוואָק!".. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז

## נתן פּאָדעמבערג

דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן פאַר אים. יעדעס וואָרט פון ליד איז געווען אַ שטיק פון זיין אייגן לעבן ער האָט ליב געהאַט דאָס ליד, דעם דיכטער, דאָס העמערל און האָט געקלאַפּט די פלעקלעך מיט מער חשק.

איינמאָל האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין זיין לעבן. די סיבה פון דעם איז געווען אַ דין, זיידן פּאַפּירל, געשריבן מיט רויטן טינט. מען האָט וועלוועלען גערופן צו אַ פאַרזאַמלונג אין אַ געהיימען אָרט. דאָרט האָט ער געהערט רעדן וועגן אומרעכט אין דער וועלט, וועגן רייכע און אָרעמע, וועגן יידישע ליידן אין דער וועלט און וועגן אַ צייט, וואָס וועט קומען, און אַלע מענטשן וועלן לעבן ווי ברידער. ניט אַלץ האָט ער פאַרשטאַנען. אַזעלכע ווערטער ווי „בורזשוי“, „קלאַסנקאַמף“ האָט ער צום ערשטן מאָל געהערט. ער האָט אָבער געפילט, אַז די ווערטער זיינען אויך געווענדט צו אים. ער האָט דאָס זיידן פּאַפּירל אָפּגעהיט, געטוליעט צו זיך און עס קיינעם ניט באַוויזן.

לייזער-וועלוועלען זיינען זייער געפעלן געוואָרן די רייד, וואָס שטעלן זיך איין פאַר די אָרעמע לייט. ער האָט געחלומט וועגן דער צייט, ווען אויך ביי זיי אין הויז וועט זיין גענוג ברויט און זיי וועלן וואוינען אין אַ ליכטיקער דירה און ניט אין קיין פינצטערן קעלער. פון דאַן־אָן האָט אָנגעהויבן באַזוכן די געהיימע פאַרזאַמלונגען, און אַז מען האָט אים אָנפאַרטרויט אַ שליחות האָט ער זי דורכגעפירט מיט גרויס אחריות.

באַזונדערס דערהויבן האָט זיך דער קליינער לייזער-וועלוועלע געפילט ווען מען האָט אים באַשטימט דורכצופירן אַן אַרבעט פאַרן ערשטן מאַי. ער האָט זיך דערמאָנט אין יענעם בחור, וואָס האָט אים מיט אַ צייט צוריק אריינגעשטעקט אין זיין האַנט דאָס פּאַפּירל און יענער בחור איז נאָכדעם „געכאַפּט“ געוואָרן פון דער פּוילישער אָכראַנקע. ווער ווייס וואָס מיט אים קאָן געשען? און ער האָט באַשלאָסן צו זיין זייער פאָרזיכטיק, און ניט אַריינפאַלן אין זייערע לאַפּעס, עס האַנדלט זיך ניט אין אים אַליין נאָר אין דער „זאַך“...

לייזער וועלוועלע איז געגאַנגען דורכן פינצטערן קאָרידאָר צו די

לײמענע טרעפּ, װאָס האָבן געפירט צום אַרויסגאַנג אויף דער גאַס. ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן אויפצוכאַפּן דעם מינדסטן שאָרך. ער האָט געקוקט אין אַלע זײטן צי באַװײזן זיך פּאָליציי־פּאַטרולן אָדער אַנדערע פּאַרדעכטיקטע. דאָס גאַנצע שטעטל איז נאָך געשלאָפן. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ קרײ פון אַ האָן, אַ ביל פון אַ הונט, דאָס װאָרקען פון טײבעלעך, דאָס קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָװעס און די שטיליץ טריט פון יידן װאָס זײנען געגאַנגען דאַװענען מיטן ערשטן מנין.

די לופט האָט אים דערפרישט. עס האָט זיך געשטעלט אַ זוניקער טאָג. פון בלומיצן און בעז האָט געשלאָגן מיט שמעקעדיגע ריחות אין דאָס גאַנצע שטעטל האָט אויסגעזען יום־טובדיק. װעלװעלע איז געגאַנגען פּאָרזיכטיק. װען ער איז פּאַרבײ דעם אײנציקן דרײ־שטאָקיקן מויער פון דעם רײכסטן יידן אין שטעטל, אהרן קאָרפּוס, האָט ער אַ שפּײ געטאָן, װי ער װאָלט זיך אָפּגערעכנט מיטן „בורזשוי“, דעם בלוט־זויגער. װעלװעלע האָט געקוקט מיט רחמנות אויף די אָרעמע קעלער־אײנװאױנער און האָט גערעדט שטיל צו זיך: עס װעט ניט נעמען לאַנג און מ י ר װעלן װאױנען אין אַזעלכע מויערס און ז י י, די בורזשויעס, אין די קעלערס.

לײזער־װעלװעלע איז געגאַנגען צו נעכע די בײטאָרין נאָך דער פּאָן, די רויטע שלײפעלעך און די פּראָקלאַמאַציעס. לעבן נעכעס שטוב האָט זיך פּלוצלינג באַװיזן אַ באַװאָפנטער פּאַטרול. זײן טאַליע איז געװען אַרומגענומען מיט אַ לעדערנעם גאַרטל און פּאַטראָנעס. די זון האָט געבלאַנקט אויף זײן אַנטבלויזטן קינזשאַל, װאָס איז געװען אַרויפגעזעצט אויפן שפּיץ פון זײן ביקס.

דער פּאַטרול איז געגאַנגען אַהין־און צוריק. זנע צװײ שװערער שטיװל מיט די אײזערנע טשװעקעס אין די זוילן האָבן אָפּגעהילכט בײ יעדן טראָט. דער פּאַטרול האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אַרומגעקוקט און דערזען דעם שאָטן פון לײזער־װעלװעלען. באַלד האָט זיך דערהערט דעם פּאַטרולס גראָב קול: „סטאָי!“ לײזער־װעלװל האָט זיך האַסטיק פּאַרקירעװעט אין דער ריכטונג פון אַ זײטיק געסל, איז אַרײן צװישן די הײזער, זיך אַ װײלע אויסבאַהאַלטן און זיך נאָכדעם אַרײנגעשאַרט דורך אַ הינטער־טיר אין נעכאַ,

דער נייטאָרינס הויז. דאָרט האָבן זיי צונויפגענומען אַלע זאַכן צו דער פּייערונג און זיינען אַרויס פון הויס און אַוועק אין גאַנץ־באַזונדערע ריכטונגען.

די לויערשע אויגן פון פּאַטרול האָבן ניט אויפגעהערט זוכן. ער האָט נאָכגעשפּירט לייזער וועלוועלן און האָט אים דערזען. — „סטאָפּ!" — האָט ער ווידער אויסגערעווט. וועלוועלע האָט ניט געפאָלגט. די רויטע פאָן, די שלייפעלעך און די „פּאַפּירן" זיינען ביי אים געווען הייליק ער האָט ניט געוואָלט זיי זאָלן אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. ער איז דיצרפאַר געלאָפן זיג־זאַגיק. באַלד האָט אַ ביקס אַ קנאַל געטאָן. אין דער לופט האָט אָפּגעקלונגען דער עכאָ פון אַ שאָס. די קויל האָט אַ פייף געטאָן און איז אַריין וועלוועלס רעכטער האַנט. ער איז געלאָפן נאָך האַסטיקער, איז אַריין צווישן די געדיכטע שטיבעלעך. די פאָן און די שלייפעלעך זיינען איצט נאָך רויטער געוואָרן פון בלוט, וואָס איז געפלאָסן פון לייזער־וועלוועלס רעכטן אָרעם.

# די יידישע וועסט אין לאָס אנדזשעלעס

לאָס אנדזשעלעס איז געוואָרן די צווייטע גרעסטע יידישע קהילה נאָך ניו יאָרק. אין 1854 זיינען דאָ געווען בסך הכל זעקס יידן, היינט האָבן מיר, כן ירבו, אַרום זעקס הונדערט טויזנט יידישע נפשות און עס האַלטן אין איין צוקומען נאָך יידן פון פאַרשיידענע אַמעריקאַנער שטעט און שטעט־לעך. עס רייצט דער מילדער קלימאַט, דאָס גרינגע לעבן, די נאַטור־שיינ־קייט און נאָך זאַכן.

דאָס יידישע לעבן אין קאַליפאָרניע, באַזונדערס אין לאָס־אנדזשעלעס, איז שעפעריש און דינאַמיש, עס איז טיפער פאַרוואָרצלט אין אַמעריקאַנער באָדן. דאָ האָבן זיך פאָרמירט פאַרשיידענע יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן, לויט די אַמעריקאַנער שטעט ניט נאָר לויט די שטעט און שטעטלעך פון דער אַלטער היים. לאָס אנדזשעלעס פאַרמאָגט יידישע און העברעאישע קינדער־שולן, קאָמיוניטי־צענטערס, סינאַגאָגעס, קולטור־געזעלשאַפטן און הונדערטער אַנדערע אינסטיטוציעס. זיי פירן־אָן מיט פאַרשיידענע טעטיקייטן, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען און דעם כאַראַקטער פון די אינסטיטוציעס. אין די צענטערס ווערן איינגעאָרדנט ליטעראַרישע אָוונטן, וואו מען לייענט פאָר די שאַפונגען פון די יידישע קלאַסיקער־שרייבער. דאָ, אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט, האָבן זיך פאָרמירט געגנטן פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. איינע פון די געגנטן איז די „יידישע וועסט־סייד״.

די געגנט דערקענט מען ניט דורך אַ שילד, נאָר דורכן ספּעציפישן נאַציאָנאַלן ריח; יידיש געבעקס, יידישע מאכלים, חזנישע מעלאָדיעס, וואָס ווערן געשפּילט אויף פּלאַטן. „פּערפּעקס עוועניו״ און „בעווערלי״ זיינען דער צענטער. אַהער שטראָמען אחינו בני ישראל פון אַלע עקן שטאָט. דאָ כאַפּט מען אַריין אַ כשרן „סענדוויטש״, יידישע חלה, דאָ קויפט מען איין אַ ספר, אַ טליתל פאַר אַ בר־מצווה־יינגל און אַנדערע יידישע מציאות.

די „וועסט סייד״ איז אַרומגערינגלט מיט רייכע, לוקסוריעזע, מושב־זקנים־האָטעלן. מען זעט די עלטערע מענטשן שפּאַצירן אָדער זיצן אויף די בענק און שמועסן געמיטלעך, מען הערט ווי זיי ברומען און באַמקען צו די

ניגונים, די חזנישע „שטיקלעך“, אָדער צו די יידישע און העברעאישע פאָלקס־לידער, וואָס ווערן דאָ כמעט אַ גאַנצן טאָג אויסגעשפּילט אויף די „פּלאַסטינקעס“.

„ח ו ו ה ל ע“ — איז דער נאָמען פון אַ טיפּ אויף דער יידישער וועסט סייד. אין איר קינדהייט האָט מען זי גערופן „חוהלע די אָפּשפּעטערין“, ווייל זי האָט געהאַט אַ געבוירענעם טאַלאַנט צו אימיטירן מענטשן. חווהלע האָט שטאַרק ליב צו זיין אינדרויסן. זי פאַרלאָזט גערן דעם רייכן צימער אין איר מושב־זקנים האָטעל, נעמט איר הינטעלע אויפן קייטל און לאָזט זיך אויף איר טעגלעכן שפּאַציר.

חווהלע איז שוין קרוב צו ניינציק. זי גייט מיט פּאַמעלעכע טריט און שטעלט זיך אָפּ. זי טראָגט אַ שטעקן, און עס דאַכט זיך, אַז זי שלעפּט זיך נאָך דעם שטעקן. צוליבן שטעקן הערט מען זי פונדערווייטנס. דעם קאָפּ האַלט זי שטענדיק אַראָפּגעלאָזט. אירע בליקן פאַלן תמיד אויפן טראָטואַר, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. זי האָט איין הענטשעקע אויף דער האַנט, אַ צווייטע האַלט זי תמיד אין דער האַנט צוזאַמען מיטן קייטל, וואָס איז צוגעטשעפּעט צום ציימל פון הינטעלע. זי איז אָנגעטאָן אין אַ העל־געפּרעסטן זומער־מאַנטל, אין אַ ווייסער הוט באַשטעקט מיט בלומען. איר פּנים א ז באַשאָטן מיט ראָזעווע פּודער די ליפּן מיט רויטן ליפּן־שטיפט, די ברעמען, ווי דינע שנירעלעך, זיינען שוואַרץ געפאַרבט און אויף איר האַלדז בלישטשעט תמיד אַ שנירל פּילקאָלירנדיקע קרעלן.

חווהלע ראַנגלט זיך מיט איר זיקנה. זי וויל פאַרטרייבן די אַלטקייט. נאָר די עלטער ליגט אויף איר פּנים ווי אַ פּייכטער שטויב אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג. זי איז אַמאָל געווען אַ באַרימטע בינע־קינסטלערין. איר אימי־טיר־טאַלאַנט האָט איר געהאָלפן מאַכן גרימאַסן מיטן פּנים, מיט דער נאָז, מיטן מויל. זי האָט זיך געקאָנט פאַרוואַנדלען אין אַן „אַנדערן“ מענטשן, באַ־קומען אַן אַנדער שטימע, אַזוי אַז אויף דער בינע איז געשטאַנען די גע־שטאַלט, וועמען זי האָט אימיטירט. חווהלע האַלט אין איין רעדן וועגן איר בינע־פאַרגאַנגענהייט. אין מיטן רעדן אימיטירט זי זיך אַליין, ווי זי האָט

אַמאָל אויסגעזען. זי פּרוּאווט נאָכאַמען איר אַמאָליק קול, נאָר דאָס קול איז שוין איצט ווי פון אַ פידל מיט פאַרזשאַווערטע סטרונעס. גיי קעמף קעגן דער עלטער! די שטים, דאָס פּנים, אַלץ איז אַ פאַררעטער!..

אין זוניקע טעג פאָרט חוהלע מיט אירע פריינט אין שטאַטישן פאַרק. זי זעט דאָרט ווי יוגנט טאַנצט, שפּילט, זינגט און זי לעבט איבער אין זכרון אירע יונגע, מיידלשע יאָרן. זי דערמאָנט זיך אין די יאָרן, ווען זי האָט געשטעלט אירע ערשטע טריט. זי וויל געדענקען די לויב אין די אַפּלאָדיס־מענטן, וואָס זי האָט באַקומען בעת אירע אַרויסטרעטונגען. וואָס מער זי קוקט אויף דער יוגנט אַלץ מער קלעמט איר דאָס האַרץ, וואָס די עלטער האָט זיך אָנגערוקט אויף איר און זי איז איצט אַליין, עלנט ווי אַ שטיין. זי האָט אַמאָל געהאַט אַ סך פאַרערער, געהאַט דערפאָלג ביי די מענער, אָבער שפּעטער האָבן זי זיך דערווייטערט פון איר, געהאַלטן אַז אין איר אימיטירן מענטשן איז דאָ אַ באַהאַלטענע איראָניע, ליצנות.

די אמתע איינזאַמקייט האָט זי דערשפּירט ווען זי האָט אָנגעהויבן פאַרלירן דעם חן. נייע צייטן זיינען אנגעקומען, נייע צייטן — נייע פויגל. „סטודיאָס" פאַר אימיטאַציע, „סטודיאָס" פאַר שפּראַך און דיקציע. צום ערשטן האָט חוהלע געשפּאַסט און געלאַכט פון די „סטודיאָס". צו זיין אַן אימיטאַטאָר איז נויטיק טאַלאַנט. דאָס קאָן מען זיך ניט אויסלערנען", האָט זי געזאָגט. „יעדער שמענדריק עפנט אַ סטודיאָ" — פלעגט זי טענה'ן — מען שיקט „בניאָקעס אויף דער בינע". שפּעטער האָט זי זיך באַטראַכט, אַז זי איז טאַקע „אויסגעשפּילט". און איז שטאַרק פאַרמרה־שחורה'ט, פאַרביטערט.

חוהלע שפּאַצירט אַהין־און־צוריק און רעדט אויף אַ הויך קול: „אַ בזיון, אַ חרפּה!" דאָס הינטל מיינט אַז זי בייזערט זיך אויף אים, הויבט עס אָן האַווקען. חוהלע שרייט נאָך העכער און דאָס הינטל אַנטלויפט אין אַ ווינקעלע מיט אַ בילנדיק געוויין. חוהלע נעמט דאָס הינטל, דריקט אים צו איר האַרץ און מורמלט אין דער שטיל: „פאַרשפּילט, פאַרלוירן אַ לעבן"..

# „וועסט לעיק פּאַרק“

טיפּן און געשטאַלטן

אַ קײלעכדיק שטיק פייער פון דער אויפגייענדיקער זון האָט זיך באַוויזן אויפן מזרח-האָריזאָנט. דאָס שטיק פייער האָט זיך גערוקט העכער און העכער, באַגאָסן מיט אַ ליכטיקייט די גלעזערנע טירן און די פענצטער, וואָס האָבן געבלענדט ווי געשליפענע דימענטן.

איינגעהילט אין דורכזיכטיקן באַגינען-דאַמף, שטייט דאָס קליינע, קינסט-לעך-געמאַכטע טייכל אין „וועסט לעיק פּאַרק“. דיניקע כוואַליעלעך באַרירן גרינג דאָס בעטאָנענע ווענטל, וואָס פאַרצוימט דאָס וואַסערלל .ווייסע שוים-בלעזלעך פאַרמירן זיך כסדר און לייזן זיך אויף. אַ לייכט ווינטל באַוועגט די גראָזן און קייקלט אַראָפּ טוי-טראָפּנס אין דער פייכטער ערד. גענדז און קאַטשקעס יאָגן זיך נאָך וואַסער-אינזעקטן. טויבן און פייגעלעך קלייבן ברעקעלעך שפּייז און זאַטע קרייזן זיי אַרום אין דער לאָס-אַנדזשעלעסער לופט, וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף.

דער שטח פון "וועסט לעיק פּאַרק" איז קליין. ער ליגט איינגעקלאַמערט צווישן פיר גאַסן פון איין זייט דער רחבותדיקער „ווילשייער בולוואַרד“ וואו עס טורעמען זיך נייע געביידעס, מיליאָנערסקע האָטעלן, הויכע ביוראָען, נייע „אַפּאַרטמענט“-הייזער. אויף דער אַנדערער זייט — אַלטע הייזער, אַלט-מאָדישע האָטעלן, קראָמען מיט געניצט מעבל, אַלטע קליידער, נאַכט-קלובן, ביליקע פאַרגעניגן-פּלעצער און בראָנפן-געשעפטן. דאָ וואוינען די בלאָנדע סקאַנדינאַווער, די מאַנדל-אויגיקע כינעזער, קופּער-רויטע אינדיאַנער, נעגער און מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, מערסטנס 'ריטייערטע', פּענסיאָנערן פון דער פעדעראַלער און שטאַט-רעגירונג. זיי קומען אַהער פאַרברענגען זייער פרייע צייט, ווילן איינאָטעמען פרישע לופט, אָדער זיך אָפּקילן אין די הייסע זומער-טעג, אָדער גאָר פאַרטרייבן דעם אומעט און די איינזאַמקייט. דאָ באַקענען זיך די מענטשן און ווערן נאָענט איינער צום צווייטן. אָפט שמועסט מע מען אַמפּערט זיך, מען באַוועגט מיט די הענט, עס טראָגט זיך

## וועסט לעיק פּאַרק

**דאָ אַ געמיש פון לשונות, ווי פון קלאַנג־אינסטרומענטן און זיי מישן זיך אויס מיט די גרילצערייען פון די פאַרביילויפנדיקע אויטאָמאָבילן.**

אַ יונגער בחור שפּאַצירט אין פּאַרק. זיין פלינקער טראָט מאַכט אים אויסזען נאָך יינגער. אין זיין ברוינעם קאַפּעליוש שטעקט אַ פעדער. זיין פּנים איז גלאַט ראַזירט. צוויי שוואַרצע וואָנצעלעך, ווי שמאָלע שטענגעלעך, ליגן שמייכלענדיק אויף זיין אויבערשטער ליפּ. אַ שרינט, ווי אַ דין שנירעלע, צעטיילט זיין געדיכט־שוואַרצן קאָפּ האָר אויף ביידע זייטן. די עקן פון זיין שלייף־קראַוואַט ליגן אויף ביידע שפּיצן קאָלנער פון זיין זיידן העמד. אין דער רעכטער האַנט האַלט ער אַ געפלאָכטן בייטשל, וואָס ער וואַרפט אַהין־און־צוריק. אין דער לינקער האַנט האַלט ער אַ קייטל, וואָס איז צוגעטשעפּעט צום אייזערנעם רינג, וואָס איז אָנגעטאָן אויפן האַלדז פון זיין הונט. דער כלב פּאָגט דעם באַלעבאָס, ווי ער וואָלט פאַרענדיקט אַ הינטישע שול. דער בחור דרייט זיך אַרום אין פּאַרק, הערט זיך צו צו די שמועסן און זעצט זיך אַריין אין אויטאָמאָביל און פאַרשווינדט.

אַן עלטערע פרוי. אויף איר האַלדז הענגט אַ טאָרבעלע, פול מיט הייליקע ספרים׳לעך. זי האַלט אַ קליין בראָשורקעלע צווישן די פינגער און טיילט יעדן פאַרבייגייער. די מערסטע קוקן זיך אויף איר ניט אום. טייל מענטשן נעמען די בראָשורקע, גיבן אַ בליק און וואַרפן אַוועק. די דורכגייער טרעטן אויף דער שריפט, און אויפן פּנים פון דער פרוי זעען זיך גרימאַסן.

אַ מיטליאָריקער מאַן. זיינע האָר פאַלן פון קאָפּ איבערן קאָלנער פון זיין אַלט רעקל. זיין פּנים איז באַוואָקסן, אַז מען זעט קוים אַרויס זיינע אויגן און די שפּיציקע נאָז. זיינע געדיכטע וואָנסן פלעכטן זיך אַריין אין דער געדיכט־רויטער באָרד. זיין רעכטע קני איז איינגעקלאַמערט אין אַ הילצערנעם קינסט־לעכן פוס. אַ שטיק פוס, פון דער קני נאָענט צום קנעכל, שטעקט אַרויס ווי אַ הענטל פון אַ האַמער. ער גייט פּאַמעלעך. יעדער טראָט הילכט אָפּ איז פּאַרק, די הענט האַלט ער אויפן רוקן. ער שטעלט זיך אָפּ יעדער רגע און שרייט אויס: „נאָ פּאַסאַראַן!" (ניט דורכגייןֹ) און גייט ווייטער.

## נתן פאַדעמבערג

דער מאַן איז געווען אַ וואָלונטיר אין דער „לינקאָלן־בריגאַדע״, אין שפּאַנישן בירגער־קריג. אַ קויל האָט געטראָפן זיין רעכטן פוס, און מען האָט געמוזט אָפּשניידן נאָענט צו דער קני. עס שלאָגט פון אים די קאַמפס־לאָזונג „נאָ־פּאַסאַראַן!״, וואָס ער קאָן ניט פאַרגעסן.

אַ בלאָנדער און שלאַנקער יונגערמאַן. ער האָט אַ לענגלעך פּנים, און טראָגט טונקלע ברילן. אַ ווייסער און שטייפער קאָלנער שטעקט אַרויס פון זיין שוואַרץ־טוכן העמד, וואָס גרייכט ביז זיין גאַמבע פון זיין פאַרשוירן און שפּיציק בערדל. ער איז אַנגעטאָן אין אַ שוואַרץ גלחישן מאַנטל און האַלט אין האַנט אַ רויט־ווייס געפאַרבטן שטעקן. ער גייט פּאַמעלעך און קלאַפּט מיטן שטעקן, אַ צייכן אַז ער איז בלינד. עמיצער נעמט אים אָן ביי דער האַנט און פירט אים צו דער „פרייער טריבונע״. ער רעדט: „איך בין געווען אַ גייסטלעכער, האָב געבענטשט די סאָלדאַטן פאַר זייער גיין אויפן שלאַכט־פעלד, איר גייט זיך שלאָגן פאַרן יושר, אויסראָטן רשעות, גאָט וועט אייך באַשיצן! איז געפאַלן אַ באָמבע, סאָלדאַטן זיינען אומגעקומען און פון פייער האָט ביי מיר אויסגערונען איין אויג און מיטן אַנדערן זע איך קוים. פון דאַן־אָן גלויב איך ניט אין מלחמות. איך גלויב ניט!״ — ער רעדט און דער עולם אַפּלאָדירט אים.

אַ קורצוואוקסיקער, אַ דיקלעכער מיט אַ קיילעכדיק פול־געפּאַקט פּנים. ער האַלט אין שאַרן זיינע געדיכטע וואָנסן מיט די פינגער פון זיין רעכטער האַנט און אויף זיין אויבערשטער ליפּ איז קאַנטיק אַ קנייטש. זיינע לינקע פינגער זיינען אויסגעבויגן. איבערן לינקען אויער איז אויסגעפּאַרמט, ווי אַ קליין טעלערל. אַ צייכן, אַז אַן אויפרייס פון אַ מינע האָט אים פאַרטויבט. יעדן פרימאָרגן קומט ער אין פּאַרק מיט אַ „סענדוויטש״. ער דערציילט, אַז ער איז שוין לאַנג אין אַמעריקע, אַז ער האָט שטענדיק געוואוינט צווישן די פּאָליאַקן, גערעדט מיט זיי אין די אָוונטן וועגן דער אַלטער היים, געזונגען צוזאַמען פּוילישע לידער. זיין באַליבט ליד איז: עס וועט קומען דער יום־הדין, דער טאָג פון אָפּרעכענונג!״ אָבער זינט ער איז טויב געוואָרן איז

## וועסט לעיק פּאַרק

ער איינזאַם און דערשלאָגן. עס בלייבט אים צו זיצן אַליין אין פּאַרק און אונטערברומען פּוילישע ניגונים.

אַ חנוודיק־ברונעטער יונגערמאַן. ער זעט אויס פון איטאַליענישן אָפּשטאַם. צוויי האַלב־קײלעכדיגע קישעלעך, ווי קליינע בייטעלעך הענגען הינטער זיינע אויגן, ווי קליינע טאָרבעלעך. טיפע קנייטשן ציען זיך פון ביידע נאָז־ווינקלען און קייטלען זיך אַריין אין זיין גאָמבע. ער האָט אַ רויט פּנים, וואָס צוקט כסדר. הינטער זיין אָרעם האַלט ער אַ גיטאַרע. אַמאָל האָט ער געשפּילט און אויסגעזונגען לידער אין די אָרעמע קוואַרטאַלן פון איטאַליע. ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט און אריבערגענומען זיין מיידל פון דער אַלטער היים. זי איז אָבער געשטאָרבן אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, איז ער טרויעריק, שטענדיק פאַר׳מרה־שחורה׳ט. זיינע פינגער זיינען אים פאַרשטאַרט געוואָרן און ער קאָן מער ניט אויסשפּילן זיין בענקעניש. יעדן טאָג קומט ער אין פּאַרק, זעצט זיך אַוועק אויף אַ באַנק און בעט די פאַרבייגייער זיי זאָלן שפּילן פאַר אים, אין „איר״ אָנדענק. ער פאַרמאַכט די אויגן. זיין פאַנטאַזיע טראָגט אים אַוועק אין דער אַלטער היים. ער דערזעט די גאַסן, אין וועלכע ער פלעגט שפּילן. ער זעט די אויסגעשטרעקטע האַנט פון זיין מיידל, דערמאָנט זיך ווי זי האָט אים צום ערשטן מאָל אַראָפּגעוואָרפן אַ מטבע איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּירל, ער זעט דעם פּלאַץ וואו זיי פלעגן שפּאַצירן. איצט זיצט ער אַ פאַרטראַכטער, אַ פאַרחלומטער און טוליעט די גיטאַרע צום האַרצן.

אויף אַ באַנק זיצט דער אַלטער, וועמען די פּאַרק באַזוכער רופן „דער פילאָזאָף״. ער זיצט אַ פאַרטראַכטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אין עפּעס דערמאָנען. זיין געדיכטער ,שניי־ווייסער קאָפּ בויגט זיך און די האָר באַוועגן זיך פון לייכטן ווינטל. די גאָמבע האַלט ער אָנגעשפּאַרט אויפן קנאָכיקן ברוסט־קאַסטן, די פינגער איינגעצקלאַמערט. אָפּט דרייט ער מיט די צוויי גראָבע פינגער, ווי ער וואָלט זיך געאַמפּערט וועגן אַ וויכטיקן ענין. און אַז ער דרייט אויס דעם קאָפּ צו זיין באַנק־שכן, הערט מען ווי ער זאָגט: די וועלט איז אַראָפּ פון גלייכן וועג. מענטשן האָבן

## נתן פאָדעמבערג

**פאַרגעסן אין גאָט, פאַרביטן דעם אַלטן גאָט אויף נייע געטער, וואָס טויגן ניט. דער מענטש האָט פאַרלאָרן דאָס מענטשלעכע. רשעות שפּאַצירט איצט אום פראַנק און פריי. וואו נעמט מען אַ מענטשן וואָס זאָל צוריק אַרויספירן די מענטשהייט אויפן גלייכן וועג?**

די זון רוקט זיך פאַמעלעך צום מערב־האָריזאָנט. אירע שטראַלן שאַרן זיך פון די אָנגעגליטע דעכער. וועגט, ביימער, צווייגן, גראָז, לאָזן טונקעלע שאָטנס אויף דער גאַס. דער רעש פון טאָג ווערט שטילער, דער געדראַנג — שיטערער. עלעקטרישע לעמפּלעך צינדן זיך און בלענדן אויף די שילדן און לייכטן דורך די פענצטער פון די הויכע געביידעס. די לבנה רייסט זיך דורך די געדיכטע וואָלקנס. אַן עכאָ פון אָפּגעריסענע ווערטער דערטראָגט זיך דורך חלל. אַ פויגל שפּרינגט האַסטיק אַרויף אויף אַ צווייגל פון אַ בוים, טוט אַ צוויטש און גייט פאַרשפּעטיקט אַריין צווישן די בלעטער פון זיין נעסט. אַ דינער שטויב מיניעט זיך קעגן ליכט פון די לאָמפּן. די שאָטנס, ווי שומרים, באַגלייטן די באַזוכער צו זייערע אַלטמאָדישע האָטעל־צימערן.

# צערונעס אַ חלום

לאַם אנדזשעלעס שמעקט מיט פרילינג. אַ לייכט ווינטל בלאָזט אַראָפּ די געלע, דאַרע בלעטער פון די ביימער, וואָס האָבן זיך אַ גאַנצן ווינטער געקלאַמערט צו די צווייגן. עס צעפּעפּענען די בלומען־קנאָספּן, דער אַראָמאַט שפּרייט זיך איבער דער שטאָט און די זון בלענדט און וואַרעמט.

גאַרסיאַ האָט ליב דעם פרילינג־וועטער. אין אַזאַ טאָג קאָן ער זיצן לעבן דער קירך און קריגן נדבות. היינט איז יום־טוב, אַ סך באַזוכער וועלן קומען און ער וועט „פאַרדינען". אַ מזלדיקער טאָג. ער שפּרייזט מיט זיינע צוויי קוליעס און מיט זיין טאַרבעלע עסן, וואָס הענגט אים אויפן רעכטן אַקסל און וויל וואָס גיכער אָנקומען צו דער קירך, פאַרנעמען אַן אָרט ביים אַריינגאַנג. איין פוס וואַרפט זיך ביי יעדן געשטעלטן טראָט און אויפן אַנדערן שפּאַרט ער זיך אָן, כדי צו פאַרגרינגערן זיין גאַנג. זיין גרויסער קאָפּ איז ווי איינגע־שרופט צווישן זיינע קנאָכיקע אַקסלען און זעט אויס ווי אַ הילצערנע פיגור. קוים וואָס מען זעט אַ צייכן פון זיין האַלדז.

די אַלטע קירך איז געבויט געוואָרן אין 1877 און זעט אויס ווי אַ זכר נאָך דער אַמעריקאַנער־מעקסיקאַנער מלחמה. אַ נידעריקע געביידע. זי איז אַרומגערינגלט מיט אָרימע געוועלבלעך און ליגט אין אַ רוישיקער גאַס. אַהער קומען פרומע מעקסיקאַנער פון די אָרעמע גאַסן בעטן פאַר זייער דער־שלאָגן לעבן. זייערע תפילות מישן זיך אויס מיט דעם אויטאָמאָביל־רעש אין דער גאַס. אַן אַלטער הילצערנער צלם, באַזעצט מיט עלעקטרישע לעמפּלעך, וואַרפט אַ מאַטע שיין ואויף די פאַרבייגייער. די זון גנב'עט זיך אַריין דורך די דיקע שויבן, שטעלט זיך אָפּ אין אַ ווינקעלע און וואַרפט אַ שטראַל אויפן טונקעלען געוועב פון אַ שפּין, וואָס האָט אַריינגעכאַפּט עטלעכע פליגן און גרייט זיך צו אַ סעודה.

דער קליינער מעקסיקאַנער „ווילעדזש" איז היינט אויסגעפּוצט מיט קאָלירטע סטענגעס, מיט בילדער פון העלדן. אין דער גאַנצער געגנט, וואָס באַשטייט פון צוויי קליינע געסלעך, טראָגט זיך אַ ריח פון יום־טוב'דיקע שפּייזן. דריי קלעזמער, אָנגעטאָן אין זייערע נאַציאָנאַלע קאָסטיומען שפּילן

מעקסיקאַנער מעלאָדיעס. אַן אַלטער גלח גייט פּאַמעלעך מיט אַ געבעט־ביכעלע אין זיין האַנט. אַ לאַנגע שנור שוואַרצע קרעלן און צלם באַמבלען זיך אויף זיין שוואַרצן כאַלאַט. אַן עולם גייט אים נאָך און צווישן זיי אויך דער טויב־שטומער, עלף־יאָריקער דזשאַני, — גאַרסיאַס אַרויסהעלפער.

גאַרסיאַ באַציט זיך צו דזשאַנין ווי אַ טאַטע צו אַ קינד. ער האָט רחמנות אויפן קינד, וואָס זיין טאַטע איז אומגעקומען אין אַן „עקסידענט" אין דער פאַבריק, וואו ער האָט געאַרבעט. גאַרסיאַ האָט געלערנט דזשאַנין פאַרשטיין ווערטער דורך האַנט־באַוועגונג און ווי צו מרומלען מיט די ליפּן. דזשאַני קומט יעדן זונטיק און אין די יום־טוב טעג צו גאַרסיאַן און העלפט אים קלייבן די נדבות. זיי טיילן זיך איין מיט דער אַרבעט: גאַרסיאַ זיצט ביי דער וואַנט פון דער קירך. זיין היטל ליגט אויפן אַספאַלט מיטן דאַשיק איבער־געקערט כדי די פאַרבייגייער זאָלן אַהין אַריינוואַרפן די מטבעות. גאַרסיאַ האַלט אַן אויסגעשטרעקטע האַנט און דזשאַני גייט אַרום מיט אַ פּושקעלע און קלינגט מיט די אַנגעקליבענע מטבעות.

אַז עס מערן זיך די דאַוועגער מערן זיך אויך די מטבעות אין גאַרסיאַס היטל און דזשאַניס פּושקעלע. יום־טוב איז אַ מצווה צו געבן נדבות אוןביידנס הערצער זיינען פול מיט פרייד פון דער שפע. — „אַז מיר וועלן אַריינבאַ־קומען גענוג געלט, וועל איך קויפן דיין שוועסטערל אַ האַנט־זייגערל" — ווייזט גאַרסיאַ אַן דזשאַנין מיטן פינגער אויף זיין זייגערל. און ער גיט באַלד צו: — „איך וועל איר בעטן זי זאָל חתונה האָבן מיט מיר... דו ווילסט דאָך איך זאָל חתונה האָבן מיט עלסין?" — פרעגט ער און מאַכט מיט די הענט.

דזשאַני האָט זייער ליב גאַרסיאַן. ער עסט ביי אים, שלאָפט איבער אין זיין חדר און קריגט פון אים גענוג געלט. דזשאַני האָט שוין עטלעכע מאָל געבעטן עלסין זי זאָל חתונה האָבן מיט זיין „באָס", אָבער עלסי וויל ניט הערן וועגן דעם. זי מוז אַרויסהעלפן איר קראַנקער מאַמען און דעם טויב־שטומען ברודערל.

עלסי איז גוט צו גאַרסיאַן. זי האָט רחמנות אויף אים. זי לאַדט אים איין אין זייער הויז, גרייט צו פאַר אים „סענדוויטשעס", און וואָס מער פריינטשאַפט זי ווייזט גאַרסיאַן, אַלץ מער ליב האָט ער זי. ער גיט איר אַריין

## צערונען אַ חלום

אין נדן אַ רייכע קירך, אויב זי וועט מיט אים הייראַטן. ביי אַ רייכער קירך קאָן מען גוט „פאַרדינען", געגוג געלט אויף אויסצוהאַלטן זי מיט איר מוטער און דזשאַנין. נאָר עלסי שווייגט און גאַרסיאַ נעמט אָן איר שווייגן אַלס אַ צייכן אַז זי איז גרייט...

אין דער געגנט פון רייכן ווילשייער בולוואַרד טורעמט זיך אַ גאָלדנע קירך אין גאָטישן סטיל. די קירך איז אַרומגערינגלט מיט אַן אויסגעמייסטערטן גרין־גראָזיקן פעלד, מיט בלומען אוןביימער. אויף דער קירך ליגט גאַרסיאַ זיין גאַנצע האָפנונג. דאָ קאָן מען מאַכן „פרנסה". אַ מיליאָנערסקע קירך... דאָ וועט מען געבן שיינע מטבעות.

אין איין ערב־זוטיק נאַכט האָט גאַרסיאַ ניט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט וועגן מאַרגנדיקן גליק, אינדערפרי וועט ער אַוועקגיין צו דער נייער קירך און וועט האָבן מזל. גאַרסיאַ האָט געטראַכט וועגן זיין ביז־איצטיקער פרנסה און באַשלאָסן, אַז עס לוינט זיך ניט. אמת די אָרימע דאַוויענער זיינען גוט־האַרציקע, זיינען אַלעמאָל גרייט צו געבן אַ נדבה אַן אָרימען קאַליקע, אָבער ס'איז ניט געגוג. ניט אומזיסט וויל עלסי מיט אים ניט חתונה האָבן. וויפל איז דער שיעור אַרומצולויפן מיט אַ בלעכענער פושקעלע און זיצן לעבן דער אַלטער קירך. אָבער לעבן דער נייער, רייכער קירך וועט זיין עפּעס אַנדערש. גארסיאָ האָט זיך פאַרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע ווי ער וועט אָנזאַמלען אַ סך געלט, אַריינלויפן צו עלסין און אויסשיטן דעם זילבער אויפן טיש: — „איצט, עלסי, וועסטו מער ניט דאַרפן גיין וואַשן פרעמדע וועש און איבערלאָזן די קראַנקע מאַמע אין שטוב... אָט קויף איך דיר אַ גאָלדן רינגל און טו דיר אים אָן אויפן פינגער און אויך אַ גאָלדן זייגערל"..." — אָנגעטאָן אין אַ פריש העמד, וואָס עלסי האָט אים אויסגעפרעסט און אין נייע הויזן, די אָפּגעבליאַקעוועטע האָר צוגעקעמט, האָט זיך גאַרסי יענעם פרימאָרגן געלאָזן צו דער נייער קירך.

עס איז געווען אַ ליכטיקער פרימאָרגן. די זון האָט געלויכטן און באַגילדט דעם צופרידענעם שמייכל פון זיין פנים. עס האָט זיך אים געדאַכט,

אַז אַלץ אַרום פרייט זיך מיט מיט אים. דער לאַנגער וועג פון זיין הויז צו דער קירך האָט זיך פאַרקירצט און גראַסיאַ האָט געשפּאַנט גרינגער ווי אַלע־מאָל. ער איז צוגעקומען צום נייעם פּלאַץ און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים אַריינגאַנג.

אַ שטראַל זון איז געפאַלן אויפן קירך־טורעם און זיך נאָכדעם לאַנגזאַם אַראָפּגעגליטשט אויף אַ פּאַס גראָז. טייבעלעך האָבן אַרומגעקרייזט די ביימער, געזוכט ברעקלעך שפּייז פאַר זייערע עופהלעך אין די נעסטן. אַ לויטערער הימל און אַ נחת׳דיקע וואַרעמקייט האָבן זיך געשפּרייט איבער דער שטאָט. דער אויטאָמאָביל־פּאַרקער איז געוואָרן געדיכטער. מענטשן האָבן זיך באַ־וויזן. באַלד האָט זיך דערנעענטערט דער קירך־אויפזעער און איז מיט גיכע טריט אַרויף די ברייטע טרעפּ, וואָס האָבן אַרויפגעפירט צו דער טיר.

אינעווייניק האָבן זיך קרישטאָלענע קאַנדעלאַבערעס געצויגן פון דער סטעליע און געבלענדט מיט אַ רעגנבויגנדיקער ליכטיקייט, געוואָרפן אַ שיין אין אַלע ווינקלען. די בלויע פענצטער־שויבן מיט די רעליגיעזע מאָל־רייען האָבן זיך געשפּיגלט אין ליכט. דער אָרגל האָט אָנגעהויבן שפּילן „הייליקע מוזיק״ און איבערגעריסן די טיפע שטילקייט. גאַרסיאַ איז ממש דערשטוינט געוואָרן פון דער בלענדיקער רחבות. זיינע אויגן האָבן באַטראַכט אַלע מאָלערייען אויף די ווענט. ער האָט געזען „יעזוסן מיט אַ סטאַדע שעפּעלעך״, געפילט דער „האַר״ באַשיצט די שוואַכע און די אומבאַהאָלפענע, ער האָט באַטראַכט דאָס בילד פון יעזוסן, וואָס בענטשט די בעטלער און ער איז געוואָרן פול מיט פרייד, וואָס אים איז איינגעפאַלן אויפצובייטן די אַלטע, אָרעמע קירך אויף דער נייער, רייכער. — „מיין חלום איז פאַרווירק־לעכט געוואָרן!״ — האָט ער גערעדט צו זיך.

פּלוצים האָט אים אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. ער האָט דערזען איף אַ וואַנט אַן אויפשריפט: „בעטלען, שטרענג פאַרבאָטן!“ — „אומ־מעגלעך! עס קאָן ניט זיין!״ — האָט ער אויסגערופן, און איידער ער האָט באַוויזן צו קומען צו זיך, האָט ער געזען ווי אַ הויכער מאַן אין אַ שטייפן

## צערונען אַ חלום

שוואַרצן אַנצוג, טייטלט אויף אים מיט אַ פינגער: „דאָס מיינט מען דיך! ווען דזשאָני איז שפּעטער צוגעקומען מיט דער טאָרבעלע עסן, וואָס עלסי האָט געשיקט גאַרסיאָן, האָט ער געזען ווי זיין „באָס״ גייט מיט זיין קוליעס, ער שלעפּט זיך ווי נאָך אַ לוויה און פון זיינע אויגן פליסן טרערן:
„אַ חלום איז צערונען...״

# „זייאָן נעשאַנאַל פּאַרק“

די גליענדיקע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון הויבן אָן פאַלן פּאַמעלעך אויף די ריזיק־הויכע און שפּיציקע פעלדזן פון דעם „זייאָן נעשאַנאַל פּאַרק“. פּאַסן זון שלענגלען זיך אויף ביימער, צווייגן, געוויקסן און שפּיגלען זיך אין די לויפנדיקע וואַסער־פאַלן, וואָס פליסן פון די בערג. די זון־שטראַלן נידערן אַראָפּ אין די טיפע טאָלן און טרייבן אַרויס די נאַכטיקע פינצעטרניש.

אויף דער האַלב־גלעזערנער טיר פון אונדזער זומער־וואוינונג, פאַר־מירט זיך אַ רויט־גאָלדענער פּאַס פייערדיק ליכט. דער פּאַס באַוועגט זיך לאַנגזאַם, שפּרייט זיך אויס, בלענדט און פינקלט אַריין אין אַלע ווינקעלעך. די טונקלקייט פאַרשווינדט און אונדזער צימער צעליכטיקט זיך ווי אַ ריזיקער פּראָזשעקטאָר.

שנעל און אימפּעטיק ברויזט צווישן די בערג דער טייך „וואוירדזשין ריווער“. דער טייך איז כמעט אינגאַנצן פאַרשטעלט פון פאַרשיידענע געוויקסן, גראָזן און ביימער. ער פליסט רוישנדיק און זיין הילכיקער ווידערקול צע־טראָגט זיך אויף מיילן ווייט.

ניט ווייט פון שטורמישן טייך, אַרום די רעזאָרט־שטיבלעך, שלענגלט זיך אַ קליין טייכל, ווי אַ ריטשעקעלע די ברייט. די קליינע און לויפנדיקע כוואַליעלעך פאַרמירן אַ קלאָר־ווייסן שוים, ווי שניי, און צעגייען זיך אין דעם בלוילעך־לויפנדיקן וואַסער רואיק און שטיל, ווי זיי וואָלטן ניט וועלן שטערן דעם געמיט פון די געסט, וואָס באַטראַכטן די אַרומיקע נאַטור וואונדער. די נאַטור־שיינקייט ליגט דאָ רחבותדיק אויסגעשפּרייט אויף טויזנטער מייל, וואָס דאָס מענטשלעכע אויג קאָן ניט אַרומנעמען.

לעבן דער „קאַסינאָ“ שטייען צוויי רייען ביימער. זייערע געדיכטע און באַבלעטערטע צווייגן בויגן זיך הין־און־צוריק אונטער אַ קיל־פרישן פרי־מאָרגן־ווינטל. זיי קומען זיך צונויף אַזוי נאָענט ביי יעדן בויג, אַז זיי קייטלען זיך איין איינער אין אַנדערן, ווי צוויי רייען יונגע, טאַנצנדיקע

## זייאָן נעשאַנאַל פּאַרק

פּאַרלעך. זיי וואַרפן אַ שאָטן אויפן גרינעם גראָז און אַ גאָלדרויטער ליכט־פּאַס גיט אַ בליאַסק אויף דער ערד, ווען די צווייגן טיילן זיך פאַנאַנדער.

אַ יונגע מאַמע שפּאַצירט געמיטלעך מיט איר קינד. זי האַלט דאָס קינד ביי אַ הענטעלע און קוקט מיט באַוואונדערונג אויף דער קייט בערג, וואָס נעמט אַרום די געגנט, אויף די לאַנדשאַפטן וואָס די נאַטור האָט אויס־גע׳כישוף׳ט. זי דערזעט אַ בלענדיק בילד, בלייבט שטיין פאַרגאַפט און פילט גאַרניט, אַז דאָס הענטל פונעם קינד האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון איר האַנט, אַז דאָס ־קינד איז גאָר אַוועק אין דער זייט, ווי עס וואָלט פּלוצים אַליין דערשטוינט געוואָרן פון אַ נאַטור־בילד.

אַ מיטל־יאָריק פּאָרפאָלק שפּאַצירט. דער מאַן פאַרדרייסט דעם קאָפּ צום הימל, ווייל אַריינכאַפּן די קופּער־רויטע שפּיציקע פעלדזן, וואָס שפּאַרן ביז די וואָלקנס. ער מאַטערט זיך צו קוקן און נאָכדעם שפּרייט ער זיך אויס אויפן גרינעם גראָז און קוקט אין דער ווייט.

אַן אויטאָמאָביל שטעלט זיך אָפּ. אַ יונג פּאָרל איז באַלויכטן פון דער זון. אַ מיידל מיט אַ קאָפּ צעפּלאָשעטע בלאָנדע האָר שרייט אויס: „אָ, גאָט, סאָראַ וואונדער!״ עס ענטפערט אַ בחור אין צעכראַסטעט העמד אין אויטאָ־מאָביל: „איך האָב אין ערגעץ אַזעלכעס קיינמאָל ניט געזען!״ באַלד שטעלט מען אָן די פאָטאָ־אַפּאַראַטן און מען „כאַפּט אויף״ וואָס מ׳קען קאָן.

אויף איין זייט פון די ריזן־הויכע פעלזן, דרום־צו, איז די זון בלענדיק און גליצנדיק. זי ברענט די נאַטור־געשניצטע פיגורן און שפּאַלטן. די פעלזן זיינען טרוקן ווי ביינער. ניטאָ דאָ קיין גרעזל און פייכט זעמדל, ווי די בערג וואָלטן געדאַרשט נאָך אַביסל וואַסער. פון דער צווייטער זייט, צפון־צו, ליגט אַ קילער שאָטן אויף אַ פייכט־גרינעם מאָך און קליינע ביימעלעך נערן זיך פונעם שאָטן און פון דער ערד־פייכטקייט. די נאַטור־געווירעטע פעלזן זעען אויס פייכט. אַ שניי־ווייסער וואָלקן באַוועגט זיך און אין הינטערגרונט איז אַ בלויער הימל. עס דאַכט זיך, אַז ער איז אָנגעשפּאַרט אויף די קופּער־רויטע פעלדזן און האַלט אין איין מאָלן שיינע בילדער.

אונדזער אויטאָמאָביל שלענגלט זיך אויף די שמאָלע געדרייטע וועגן

## נתן פאָדעמבערג

פון „כרמל"-באַרג, קאַרגע אַכט טויזנט פוס הויך, מיר פאָרן אַראָפּ צו דעם טיפן טאָל, וואָס שניידט זיך אַריין אין אַ קייט ברייטע און גרויסע טונעלן, דורכגעהאַקטע פון מענטשלעכע הענט. עס האָט געדויערט קאַרגע פינף יאָר דורכברעכן דעם טונעל. ביים אַרויספאָרן פון איין טונעל צום צווייטן, ווערן מיר ארומגעכאַפּט פון טונקעלע שאָטנס און ביים אַרויספאָרן פאַלט אויף אונדז אַ פּאַס זון, וואָס פאַרבלענדט די אויגן. ליכט און שאָטן באַגלייטן אונדז ביז מיר קומען אַרויס אויף דער צווייטער זייט פון טונעל.

מיר קריכן אַרויף אויף אַ הויכן פעלז און קוקן אַראָפּ אין טיפן טאָל. עס שווינדלט פאַר די אויגן. עס מישט זיך אין קאָפּ. מיר קלאַמערן זיך אין די אייזערנע פאַרצאַמונגען. מיר זעען בלענדיקע קאָלירן, וואָס די נאַטור האָט דאָ אויסגעמאָלן ווי מיט אַ כישוף־האַנט. דאָ איז דאָ אַ גאַנצע גאַלעריע פון געביידעס, וואָס דער שטורמישער „וואַיירדזשין ריווער" (בתולה־טייך) האָט קינסטלעריש אויסגעמייסטערוועט אין משך פון טויזנטער יאָרן.

דער טייך איז געווען פליסיק און פלייסיק. אויף דער פלאַכער ערד, וואו עס איז ניט געווען קיין איין גריבל, האָט דער טייך אַליין, אָן שום צייכענונגען און אָן מאַשינען און אינזשינערישע פאַך־קענטעניש, אויפגעבויט אַ ריזיקע און מעכטיקע אימפּעריע פון אַכט־טויזנטיק פוסיקע בערג, טאָלן און ריוון. דער „וואַיירדזשין ריווער" האַלט אין איין פליסן; ער שלעפּט דריי מיליאָן טאָן זאַמד און שטיינער אין איין יאָר. אין געוויסע ערטער צעשטערט ער און בויט נאָכדעם אויפסניי זעלטן אַרכיטעקטאָרישע געביידעס און פיגורן. זיי זיינען פאַרמירט מיט קינסטלערישער סקולפּטאָרישקייט. דאָס זיינען פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן, וואָס אַ מענטש קאָן ניט שאַפן.

פון ווייטנס זעען מיר אַ שפּיץ פון אַ הויכן באַרג. אויבן — אַ קיילעכדיקער קופּאָל, וואָס זעט אויס ווי אַ קופּאָל פון מאַכמעדאַנישן מעטשעט. די סקולפּטאָרן רופן דעם באַרג „אַזיריס". אַ געניצטע פיגור טורעמט זיך פון אויבן און אויפן הינטערגרונט זעט זיך אָן אַ קייט פאַרשיידנפאַרמיקע בערג און פעלזן. אייניגע איז שענער און רייצנדיקער פון דער אַנדערער. די קינסטלער האָבן די אויסגעטרוימטע פיגור אָנגערופן „דער וועכטער", ווייל

## זייאָן נעשאָנאַל פּאַרק

ער זעט אויס, אַז דער טייך האָט די פיגור דאָרטן אַוועקגעשטעלט בכיוון: אָפּצוהיטן די נאַטירלעכע קונסט-בילדער.

די פּאַנאָראַמע פון „זייאָן נעשאָנאַל פּאַרק", דערקוויקט דעם מענטשלעכן געמיט און רייצט די פאַנטאַזיעס פון די אַמעריקאַנער פּלאַסטישע קינסטלער, וואָס קומען אַהער אָנקוקן די קונסט כדי נאָכדעם זי אָפּשפּיגלען אין זייערע שאַפונגען. די זון, די שאָטנס, ביימער, בלומען, דעם שטראָם און ברויז פון טייך און די שמאָלע ריטשקעלעך, וואָס לאַסטשען די געוויקסן. דאָס אַלץ וועקט געפילן פון דיכטער און דערציילער, וואָס מאָלן מיט וואָרט די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט. ווער עס באַזוכט דעם וואונדערלעכן אַמעריקאַנער פּאַרק מוז מאַכן די ברכה: „געבענטשט איז דער באַשאַפער, וואָס האָט אַזוינס געשאַפן!

# דאָס אָפּגעהאַקטעביימל

**מיינע פריינט רבקה און בנימין צוקערמאַן — געווידמעט!**

הערשל גרינשפּאַן און זיין פרוי זיינען אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. זיי זיינען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ נערוועזקייט און באַהערשט געוואָרן פון אַ פּחד. דאָס פלעגט געשען די לעצטע עטלעכע יאָר, ערב ניי־יאָר. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם טאָג, וואָס זיי האָבן דערהאַלטן די טראַגישע בשורה, אַז זייער איינציקער זון, היימי, איז געפאַלן אין שלאַכט. יעדע נאַכט וועקן זיי זיך איבער ווי פון אַ שטורעם־ווינט, וואָס הויבט זיך אָן פּאַמעלעך און ווערט ביסלעכווייז שטורעמדיקער און ברויזנדיקער. דעמאָלט גייט אויף אין זייערע דמיונות: דער שטילער קלאַפּ אין דער טיר, דער איינגעהאַלטענער „העלאָו״ פון רעגירונגס־באַאַמטן, זיין אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן שוואַרץ־רעמלדיקן קאָנווערט און זיין פאַרגיווערטן שטיין ביי דער שוועל.

די גרינשפּאַנס פּרואוון פאַרטרייבן די קאַשמאַר־בילדער פון יענעם פרימאָרגן, אָבער די בילדער קריכן אַכזריות׳דיק אַריין און בלייבן לאַנג.

הערשל זיצט לעבן פענצטער און קוקט אין דער דרויסנדיקער חשכות. זיין גאָמבע איז איינגעקלאַמערט אין דער דלאָניע פון זיין רעכטער האַנט. זיין ברוסט־קאַסטן באַוועגט זיך ריטמיש אַרויף און אַראָפּ. ער אָטעמט שווער און יעדער אָטעם־צוג באַוועגט זיינע נאָז־לעכער און די דינינקע הערעלעך פון זיין אויסגעקרימטער האַנט. די האַנט האָט זיך אים פאַרקרימט פון זיין לאַנג־יאָריקער אַרבעט ביים פּרעס מאַשין.

אין הויז איז שטיל און טונקל. אַ בלאַסער שיין פון דער לבנה פאַלט אויף די ווענט און אויף היימיס פאָטאָגראַפיע. די שיין האַלט זיך אין רוקן. זי שניידט רייפטלעך פון היימיס פּנים ביז די גאַנצע וואַנט בלייבט טונקל. די פרוי בלעטערט היימיס פאָטאָגראַפיעס אין אַן אַלבאָם. זי לייענט די בריוו, וואָס ער האָט געשיקט פון מיליטער־לאַגער, פון פראָנט. טרערן טריפן פון אירע אויגן, קייקלען זיך אויף איר פּנים און מאַכן פייכט איר קלייד. זי דערזעט דאָס חתונה־בילד פון היימין און זיין כּלה, גענומען עטלעכע וואָכן פאַר זיין אַוועקפאָרן. זיט ראַכט, אַז איר האָפנונג צו זען אַ נייעם דור, צו ווערן אַ באָבע איז איינגאַנצן פאַרלאָרן געוואָרן.

## דאָס אָפּגעהאַקטע ביימל

הערשל הויבט זיך אויף פון בענקל. ער שפּאַנט אַהין־און־צוריק איבערן צימער זיינע בליקן באַגעגענען זיך מיט די אויגן פון זיין פרוי און ביידנס בליקן שוועבן איצט אויף די ווענט. זיי וואַרפן אַ בליק, דאָ אויף היימיס קליידער, דאָ אויף זיינע ספּאָרט־מכשירים און אויף די בילדער, וואָס ער האָט געמאָלן. הערשל דערמאָנט זיך ווי היימין האָט געשטרעבט צו ווערן אַ פליער, ווי ער איז פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין לופט־קאָרפּוס, אין היימיס פרייד, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל אויפגעהויבן מיטן עראָפּלאַן אין די רוימען. און נאָכדעם — די ידיעה, אַז זיין עראָפּלאַן איז אַראָפּגעשאָסן געוואָרן. עס וויקלט זיך בילד נאָך בילד און די בילדער שטעכן ווי פייערדיקע שפּיזן. ער ווייסט שוין, אַז די צוויי ווייזערס פון וועק־זייגער האָבן אָפּגעשניטן שעה'ן פון דער נאַכט או דאָס פאַרטאָגיקע ליכט וועט זיך באַלד אַריינרייסן אין שטוב.

הערשל האָט ליב די זוניקע פרימאָרגנס. דאָס ליכט פון טאָג דערפרייט אים און די פינצטערניש מאַכט אים טרויעריק. יענעם אינדערפרי האָט אים אָבער די זון געשטאָכן די אויגן. ער האָט ניט געוואָלט זען דעם הימל. עס האָט זיך אים געוואָלט פאַרציען די זון, ווי מען פאַרציט אַ ראָלעט איבערן פענצטער. ער האָט געוואָלט בלייבן אַליין.

דער פרימאָרגן־גערויש, דאָס סקריפּען פון צעעפנטע טירן אין די שכנישע הייזער, האָט זיך געטראָגן איבערן קאָרידאָר. באַלד האָט דער רויש אויפגעהערט. — „באַלד וועלן קומען די 'טרייסטער' — טראַכט הערשל. היינט וויל ער זיי ניט האָבן ביי זיך. ער האָט אָנגעטאָן דעם ווינטער מאַנטל און איז אַרויס אינאיינעם מיט זיין פרוי אין גאַס.

ווייסע און גרויע וואָלקן־קנוילן, איינגעקלאַמערט איינס אין אַנדערן, האָבן מיט אַ בליציקער שנעלקייט זיך געטראָגן אין וויטן רוים. די וואָלקנס האָבן געפורעמט געשטאַלטן, פיגורן, וואָס האָבן זיך באַלד אויפגעלייזט אין וואָלקן־געלויף. שניי־פליטערלעך האָבן זיך געהויבן פונעם ווינט און זיך געטראָגן פון איין אָרט צום צווייטן, אויף איין אָרט האָבן זיך געבערגלט

הורבעס שניי און אויף אַן אַנדער אָרט האָט דער ווינט אָוועקגעשאַרט דעם שניי און עס האָט זיך געזען אַ גרויז שטיק אַספּאַלט. אַ פּראָסטיקער ווינט האָט געשניטן. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס און יעדער טראָט האָט אָפּגעהילכט ווי פון אַ ריי מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן. הערשל און זיין פרוי זיינען צוגעקומען צו דער „סאָבוועי".

דאָס גרילצן פון די וואַגאָן־רעדער האָט פאַרהילכט יעדער וואָרט און יעדן קלאַנג נאָך איידער עס איז דערגאַנגען צו די אויערן. ביי יעדער באַן־סטאַנציע האָבן זיך אַריינגעשפּאַרט אַ בינטל מענטשן און זיך געשפּרייט ווי אַ שטראָם וואַסער פון אַ געעפנטן שליוז. אַ מידער האָט זיך הערשל אָנגע־האַלטן אָן דעם רימען. זיינע אויגן־אַפּלען האָבן זיך פאַרמאַכט און געעפנט. זיין פרוי איז געזעסן אַ פאַרזונקענע אין מחשבות. זי האָט זיך געשראָקן פאַר דער קומענדיקער סטאַנציע. באַלד וועלן זיי פאַרבייפאָרן דעם פּלאַץ, וואו זיי האָבן זיך געזעגנט מיט זייער היימין. דאָ האָט ער געביטן די באַן אויפן וועג צום אַרמיי־„קעמפּ". דאָ האָבן זיי אים געוואונטשן ער זאָל זיך צוריקקערן אַהיים אַ געזונטער. און דאָ האָט ער צוגעזאָגט: „איך וועל, איך וועל!"

די גרינשפּאַנס זיינען געפאָרן באַזוכן דאָס גראָזיק שטיקל פעלד, ניט ווייט פון אינדיאַנער מוזיי, וואו ועס רוט היימיס פאַרשניטן געביין, צופוסנס פון אַ קליין בערגל, לעבן אַ יונג אָפּגעבראָכן ביימל, אַ סימבאָל פאַר היימיס יונג פאַרשניטן לעבן. אַהער האָבן זיי געבראַכט פון די אַפריקאַנער מדבריות זייער זונס קערפּער. יעדער יאָר קומען זיי אַהער און לייגן אַוועק בלימעלעך אויף זיין קבר. עס דאַכט זיך זיי, אַז אַלע באַזוכער פון מוזיי קומען אַהער פאַרגיסן טרערן אויף זייער אומגליק און הערשל בענטשט די אַלע טרייסטער.

אין איין יאָר זיינען פאַרשוואונדן דער מוזיי מיט די באַזוכער. מען האָט שוין מער ניט געזען די קליינע שטיבעלעך או עס איז ניט געבליבן קיין שפּור פון גראָזיקן פעלד. נייע הויכע געביידעס האָבן זיך שוין דאָ געטורעמט. אַ נייער ישוב איז אויפגעקומען.

אַ קלאָג'ער הימל האָט זיך געשפּרייט איבער דער געגנט. דער שניי האָט פאַרשאָטן דאָס בערגל. זון־שטראַלן האָבן געשמאָלצן דעם שניי, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דינע ריטשקעלעך. לאַנג זיינען דאָ די גרינ־שפּאַנס געשטאַנען און געזוכט דאָס אָפּגעבראָכענע ביימל...

# קינסטלער קעגן מלחמה

אין דער רייכער געגנט „סאָנסעט סטריפּ״, וואו עס קומען זיך צונויף אַקטיאָרן, מוזיקער, סקולפּטאָרן און מאָלער. אין דער געגנט, צופוסנס פון אַן אָפּגעשניטענעם באַרג, זיינען דאָ אַ סך רייכע אַפּאַרטמענט־הייזער, אַנטיק־געשעפטן און אַמוזיר־פּלעצער. דאָ איז דאָס האַרץ פון האָליוואוד, וואָס לאָקט אַ סך אַמעריקאַנער בחורים און מיידלעך, וואָס זוכן אַ „האָליוואוד״־קאַריערע. אין אָט־דער געגנט האָבן זיך אין אַ טאָג פאַרזאַמלט מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער, ראַסע, קאָליר און רעליגיע, צו פּראָטעסטירן קעגן דער אַמעריקאַנער מלחמה אין וויעטנאַם.

עס איז געווען אַ זוניקער פרילינג־טאָג. די זון־שטראַלן האָבן געבלענדט געוואַרעמט און האָבן אָפּגעגאָסן מיט גאָלד די הויכע, זעכציק־פוסיקע געביידע, וואָס מאַרקוס דע־סאַוואַרע, פון ניו יאָרק, האָט דאָ געבויט. 15 מענטשן האָבן טאָג און נאַכט געאַרבעט כדי אויפצובויען דעם פּלאַטפאָרמע־טורעם. די געביידע דערמאָנט אין ביבלישן דור־הפלגה־טורעם, אין דער לעגענדע: גאָט האָט מורא געהאַט דער טורעם זאָל ניט דערגרייכן די הימלען, האָט ער צעמישט די לשונות פון די מענטשן און זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטנס שפּראַך. זיי האָבן אויפגעהערט בויען דעם טורעם.

די מענטשן, וואָס האָבן געבויט דעם טורעם ווילן דווקא, אז די מענטשן פון פאַרשיידענע שפּראַכן און ראַסן, זאָלן זיך יאָ איינפאַרשטיין. זיי ווילן ניט קלעטערן אין די הימלען, נאָר פאַרזיכערן דאָס לעבן אויף דער ערד. די מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן אין לאָס־אַנדזשעלעס, פאַרשטייען זיך און האָבן איין ציל און איין שפּראַך — שלום!

דאָס וואָרט שלום האָט אַרומגענומען אַלע פאַרזאַמלטע און האָט זיך געטראָגן פון די צייטונגען, פון די פּלאַקאַטן, וואָס זיינען דאָ אויפגעהאָנגען געוואָרן און פון פיר הונדערט קונסט־בילדער, וואָס האָבן אַראָפּגעשיינט פון די הילצערנע שטאַכעטן, וועלכע האָבן פאַרנומען כמעט די גאַנצע ברייט פון דעם פּלאַץ. דאָס זיינען געווען בילדער, וואָס קינסטלער פון דער גאַנצער וועלט האָבן צוגעשיקט.

פאַרשיידענע אַנטי־מלחמה בילדער: אָט שרייט אַרויס אַ בילד פון אַ סאָלדאַט, וואָס האָט פאַרלאָרן זיינע אויגן אין דער מלחמה. אַ שוואַרץ טיכל פאַרדעקט זיינע אויגן־לעכער. אַן אַנדער בילד: אַ בחור זיצט אויף דער ערד. ער האַלט דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין די קני. ער האָט פאַרשטעלט די אייגן, ווייל ער וויל ניט צוזען, דאָס בלוט, וואָס רינט פון די סאָלדאַטן. אַ דריט בילד: אַ מוטער לויפט מיט איר קינד. זיי ווילן אויסמיידן די קוילן, וואָס רייסן זיך אין דער לופט און פליען איבער די קעפּ. אַ פערט בילד: אַ סקעליעט ער שטעקט אַרויס פון אַ גרוב. דאָ זיינען אויך פאַראַן בילדער פון אַ מענטשן מיט אַן אָפענעם מויל, וואָס דער צאָרן צעשפּרייט זיך איבער זיין פּנים און פון אַ רעדנער וואָס רופט אויס פון היוכן טורעם „שלום" און אַליץ ענטפערן.

נאָר דעם גרעסטן איינדרוק מאַכן די אַנטי־מלחמה פּראָטעסטירער.

אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, אין אַ לאַנגן כאַלאַט און אין הילצערנע שיך, גייט אַרום צווישן עולם און מורמלט פאַרשיידענע פּסוקים פון תנ"ך. איך פרעג אים: ווער ער איז, פונוואַנען ער קומט, און וואָס איז זיין מלאכה? נעמט ער אַרויס אַ שטיקל פּאַפּיר און שרייבט אָן מיט העברעאישע אותיות: „אני המשיח, שלום רוצה" (איך בין משיח, שלום וויל איך!). און אָט איז אַן אָרטאָדאָקסישער רב, וואָס טראָגט אַ קאַפּל אויפן קאָפּ און די פּיאות קרייזלען זיך אַרום זיינע באַקן און לעבן אים אַ טערקישער בחור, אין אַ רויטער פעסקע אַרומגעוויקלט מיט אַ פאַטשיילע. איר טרעפט דאָ אינדיאַנער, רוסן, פּאָליאַקן, נעגער. יעדער אויף זיין שפּראַך און זייערע קלאַנגען מישן זיך אין איין האַרמאָנישער אינהאַלטלעכקייט: ש ל ו ם!

די בילדער רעדן אויף אַן אַנדער לשון ווי די מענטשן, אָבער זיי ריידן.

די מאָלער האַלטן מער פון לשון, וואָס רעדט צו מאויג, ווי פון שפּראַך, — צום אויער. בעת די צום הערנער דאַרפן אויסמאָלן אין זייער פאַנטאַזיע דאָס בילד, וואָס ער מאָלט מיט ווערטער, באַווייזן די מאָלער דאָס בילד דורך פאַרב אויף טאָוול און לייוונט און דאָס ווירקט זיכער מער. עס איז ווי זיי וואָלטן געזאָגט: זעט אַליין וואָס די מלחמה טוט אויף!

מען גייט פון בילד צו בילד און מען באַטראַכט דעם מלחמה־גרויל, וואָס פאַרפאָלגט דעם געמיט, צעווייטיקט די נשמה. מען נעמט מיט די בילדער

מיט זיך אַ היים און זיי ווירקן צו דערוועקן האַס קעגן דער שחיטה.

דער שלום־טורעם איז אַ באַוועגלעכער. מען קאָן אים איבערפירן פון איין אָרט אויפן צווייטן, כדי די גאַנציץ שטאָט, אַלע געגנטן זאָלן אים זען. יעדן טאָג גייען פאַרביי טויזנטער מענטשן, זעען די בילדער און פאַרטראַכטן זיך וועגן דער מלחמה. אויטאָמאָבילן לויפן פאַרביי, די פאָרער וואַרפן אַ בליק און עס דערטראָגט זיך צו זייערע אויערן דער פּראָטעסט קעגן דער מלחמה.

עס גייען אַרויס פון גרויסאַרטיקע נאַכט־קלובן זאָרגלאָזע יונגע בחורים און מיידלעך. זיי זיינען זאַט מיט די פעטע מאָלצטן, שיכּורלעך פון די גיץ־טראַנקען און פון די טענץ לויטן ריטם פון דער דזשאַז־מוזיק. זיי הערן ווי דערהויך־רעדנער טראָגט פאַנאַנדער דאָס וואָרט „שלום" און עס דאַכט זיך, אַז זיי שפּירן נאָך דעם קול. ווען זיי גייען אַוועק בלייבט אין זייערע אויערן און געמיטער דער עכאָ פונעם שלום־רוף און פאַר זייערע אויגן שוועבן נאָך די בילדער וועגן דעם אומזין און גרויל פון קריג. עס טרעפט אויך, אַז יונגע היץ־קעפּ שטעלן זיך אָפּ און באַטראַכטן מיט שפּאָט דעם שלום־טורעם. איינער אַזאַ ציניקער קריגט אַן אָפּשניט: „דו ווילסט לעבן? — ווענדט זיך צו אים אַ שלום־קעמפער — האָסטו איין אויסוועג: פּראָטעסטיר, קעמף קעמף קעגן דער מלחמה. שלום איז דער וועג צו פאַרזיכערן די וועלט. פאַר מיר. פאַר דיר, אפילו פאַר דעם פּאָליציי־מאַן. וואָס באַוואַכט דעם טורעם.

# אַן אימיגראַנט שענקט אַ קונסט-בילד

אז מען האָט געפרעגט דעם אָרימען איטאַליענישן ייִנגל סיימאָן ראָדיאָ וואָס ער וויל זיין, ווען ער וועט זיין אַ גרויסער, איז זיין ענטפער תמיד געווען: איך וויל זיין אַ קולפּטאָר. דעם חלום צו ווערן אַ קינסטלער האָט ער געכאָוועט פון זיין קינדהייט־אָן.

סיימאָן ראָדיאָ איז געבוירן געוואָרן אין רוים, ביי אָרעמע לעטערן אין 1879. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין עלטער פון צוועלף יאָר און האָט דאָ געאַרבעט ביי פאַרשיידענע מלאכות. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט פאַרלאָרן די האָפענונג צו שטודירן אין אַ קונסט־שול. די שווערע לאַסט פון זוכן פרנסה פאַר זיך און די עלטערן אין דער אַלטער היים האָט אים ניט געלאָזט דערגרייכן זיין חלום. ער האָט געוואוסט, אַז צו ווערן אַ קינסטלער דאַרף מען האָבן פאַרשיידענע קאָסטבאַרע מאַטעריאַלן, פּרעציזע מאַשינען, מאָדנע כלים. אָבער וואָס טוט מען, אַז מען האָט ניט קיין געלט? האָט ער אָפּגעמאַכט זיך באַנוצן מיט אַ מאַטעריאַל, וואָס קאָסט ניט קיין געלט.

יעדן טאָג נאָך דער שווערער אַרבעט און באַזונדערס אין די זונטיקס אָדער אין אַרבעטלאָזע טעג, פלעגט סיימאָן אויפזאַמלען פלעשער, גלאָזוואַרג, ברוכוואַרג פון שטאָל און אייזן, קאַבליעס, שערבלעך, זשאַבע־שיסלען און אַנדערע "אַנטיקן". ער פלעגט אַפּרייניקן הויפנס מיסט, אין פאַרלאָזענע הויפן, אין קעלערס. דאָס ברוכוואַרג האָט ער געוואַשן, געפּוצט, פאָלירט און צוגע־שניטן סימעטריש זיי זאָלן זיך אַריינפּאַסן און שאַפן די נויטיקע האַרמאָניע. ווי די אַמאָליקע יידן אין מצרים האָט סיימאָן געשלעפּט זאַמד, צעמענט, ליים און וואַפּנע און זיי אַרויפגעטראָגן אויף הויכע טורעמס, אַבי צו פאַר־ווירקלעכן זיין סקולפּטאָרישן חלום.

סיימאָן האָט ניט געאַרבעט לויט אַ פּלאַן. עס האָט אים געפעלט אינזשי־נערישע בילדונג און אַרכיטעקטאָרישע קענטעניש. אָבער ער האָט באַוויזן אַריינבלאָזן אַ רוח חיים, אַ לעבנס־אָטעם אין דעם אָנגעקליבענעם ברוכוואַרג. ביסלעכווייז האָט דאָס אויסגעמאָטענע חומר (מאַטעריע) אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון קינסטלערישן אָטעם. מיט זיינע אייגענע פאַרהאָרעוועטע הענט

האָט סיימאָן ראָדיאַ געשאַפֿן אַ גאַלעריי סקולפּטאָרישע ווערק, וואָס האָבן פֿאַרכישופֿט מיט זייער מייסטערישער פֿאָרם און טיפֿן אינהאַלט.

אין 1912, ווען ער איז אַלט געוואָרן פֿערציק יאָר, האָט ער אָנגעהויבן בויען זיין קונסט־ווערק און נאָך 33 יאָר האָט ער באַוויזן אויפֿשטעלן זיינע הויכע טורעמס (אייניקע 104 פֿוס די הויך). דאָס זיינען טורעמס, וואָס ער האָט ארומגערינגלט מיט שוץ־ווענט און האָט זיי אויסגראַווירט מיט בילדער פֿון פֿאַרשיידענע מאָזאַאיק־קאָלירן. די טורעמס ציען זיך אין דער הויך און פֿאַרענדיקן זיך מיט סימבאָלישע פֿיגורן. יעדער טורעם האָט עטלעכע שטאָק, און אויף יעדער שטאָק — אַן אַנדער בילד.

אויף איין שטק: אַ גלח, וואָס באַשפּריצט אַ קינד מיט „הייליק וואַסער״, אויפֿן אַנדערן — אַ זומער־פּלאַץ אין איטאַליע. דאָס בילד שטעלט פֿאָר, ווי מענטשן וואַרעמען זיך אויף דער זון. לעבן זיי אַ הויז, מעבל, אַ קיך. פֿון טורעם־פֿונדאַמענט ביזן שפּיץ ציען זיך געפֿלאָכטענע, שטאָל־טרעפּ. אויף וועלכע ער האָט אַרויפֿגעשלעפּט זיין מאַטעריאַל.

ווען ראָדיאַ האָט אָנגעהויבן בויען זיין טורעם האָט מען אים באַטראַכט פֿאַר אַ דעליטאַנט און פֿאַנטאַזיאָר. ווען ער האָט באַוויזן אויפֿשטעלן זיין קינסטלערישן פּראָיקעט, האָבן מענטשן געפֿאָדערט פֿון דער רעגירונג מען זאָל אים צעוואַרפֿן. זיי האָבן גע׳טענה׳ט, אַז דער טורעם איז ניט געבויט לויט אַ וויסנשאַפֿטלעכן פּלאַן און עס איז דאָ די געפֿאַר ער זאָל איינפֿאַלן. די מבינים אויף אמתער קונסט האָבן דעם טורעם געראַטעוועט. „דער מאָנומענט איז אַ מאַיעסטעטיש קונסט־ווערק״ — האָט איין קינסטלער געשריבן. — „אַזאַ ווערק איז ניט געשאַפֿן געוואָרן אין די לעצטע יאָרהונדערטער״ — דאָס אַן אַנדערער געשריבן. דער דירעקטאָר פֿון דער קונסט־אָפּטיילונג אין לאָס־אַנדזשעלעס האָט באַצייכנט ראָדיאַס טורעמס ווי „אומפֿאַרגלייכלעכע קונסטווערק, אַ סינטעז פֿון סקולפּטור און אַרכיטעקטור״. אויף דער אינטער־נאַציאָנאַלער קונסט־קאָנפֿערענץ אין ניו יאָרק אין 1959, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען פֿאָרשטייער פֿון פֿופֿצן לענדער, האָבן די דעלעגאַטן שטאַרק געלויבט די ראָדיאַ־טורעמס. דאָס האָט געוווירקט זיי זאָלן בלייבן.

## אַן אימיגראַנט שענקט אַ קונסט־בילד

אַז סיימאָן ראָדיאָ איז אַלט געוואָרן, און האָט שוין מער ניט געקענט אַרבעטן; ביי זיין קונסט־פּראָיעקט, האָט ער זיי איבערגעגעבן צו זיינעם אַ שכן, אַן אָרימען נעגער פון דער לאָס־אַנדזשעלעסער פאָרשטאָט „וואַטס". דער נעגער האָט ביי זיין בעסטן ווילן, ניט געקאָנט אָפּהיטן די טורעמס. יינגלעך האָבן דעם טורעם פאַרוואַנדלט אין אַ שפּיל־פּלאַץ, האָבן אים באַוואָרפן מיט שטיינער און אָפּגעבראָכן טיילן פון זיינע פיגורן.. די טיילן האָט דער שכן פאַרקויפט צו קונסט־ליבהאָבער. ערשט נאָכדעם האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען קאָן פון די טורעמס ציען אַ פּראָפיט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געזעל־שאַפט אין וואַטס, וואָס האָט פאַררריכט די טורעמס און איינגעלאַדן באַזוכער.

די טורעמס געפינען זיך אין דער אָרעמער טוירעריק־באַרימטער לאָס־אַנדזשעלעסער פאָרשטאָט. דאָס איז אַ געגנט פול מיט אָרעמקייט, מיט שטויב און רויך, מיט ריחות פון קאַנען מיסט און אָפּפאַל. מען באַזוכט די דאָזיקע טורעמס, וואָס שטייען אין מיטן דער געדיכטער אָרעמקייט און זעען אויס שטאָלץ און נעבאַכדיק צוזאַמען. דאָ ליגט איינגעקנאָטן דער טרוים פון אַן אָרים אימיגראַנטן־קינד פון איטאַליע, און דאָ ליגן דריי־און־דרייסיק יאָר שווערע מי און האָרעוואַניע. ער שטייט דער קונסט־טעמפּל און וואַרט, אַז אַ רייכער מעצענאַט זאָל זיך אויף אים דערבאַרעמען און אים אַרומרינגלען און אים אָפּהיטן, ווי עס פּאַסט פאַר קונסט־טעמפּל.

„וואַטס", די אָרמע נעגערשע געגנט אין דער פּרעכטיקער שטאָט פון דער גאָלדענער קאַליפאָרניע, איז הונגעריק נאָך ברויט און נאָך אַרבעט. דעם אָרעמען קוואַרטאַל ליגט ניט אין זינען דער האַרצפּאַשנער קונסט־היכל. נאָר פאַר די רייכע געגנטן האָליוואוד, און בעווערלי הילס, פאַר דיד אָזיקע איז דער קונסט טורעם פון האָרעפּאַשניק־קינסטלער אַ דערמאָנונג און אַ מאָנונג, אַ פראַגע פון קינסטלערישן געוויסן. פאַרוואָס פאַראייביקט מען ניט אויף אַ פּאַסיקן אופן דאָס פאַרלאָזטע קונסט־ווערק?

# הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור

נאַראַציע צום הונדערט־יאָריקן יובל פון דער יידישער מאָדערנער ליטעראַטור, אויפגעפירט געוואָרן דעם 8־טן מאַי, 1965 אין לאָס־אַנדזשעלעס

נאַראַטאָר:

**מיר פייערן היינט אַ דאַטע פון גייסטיקער דערהויבונג. מיר יום־טובן דעם רענעסאַנס פון יידיש־וועלטלעכן געדאַנק, הונדערט יאָר מאָדערנע יידישע ליטעראַטור.**

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

**׳הויב אויף״.**

נאַראַטאָר:

**שווער איז געווען דער וועג פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. דאָס יידישע לשון האָט מען באַטראַכט פאַר דער „שפחה״ — דאָס דינסט־מיידל. העברעאיש איז געווען די האַרינטע, לשון־קודש, די הייליקע שפראַך.**

נאַראַטאָר:

**די רעליגיעזע ליטעראַטור האָט געזאָגט מוסר, געשטראָפט. זי האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויפן יידישן לעבן. רייך און אָרים איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גאָט זאַך.**

נאַראַטאָר:

**די השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים סוף פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט אין אייראָפּע, דורך משה מענדעלסאָן אין בערלין, דורך יצחק בער לעווינסאָן אין רוסלאַנד, און נחמן קראָכמאַל — אין גאַליציע, איז געווען אין העבראיש. דאָך האָבן זיך געפונען משכילים, וואָס האָבן געזען, אַז די ברייטע יידישע מאַסן פאַרשטייען ניט קיין העברעאיש און זיי האָבן אָנגעהויבן שאַפן אויף דיש: אַקסנפעלד, עטינגער, גאָטלאָבער אייזיק־מאיר דיק און נאָך.**

## הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור

נאַראַטאָר:

אָבער זיי האָבן זיך ניט געשטעלט קיין ציל צו אַנטוויקלען די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור. זיי האָבן ניט אָנגערירט די יסודות פון רעליגיע און ניט באַרירט די סאָציאַלע איבלען און ליידן פון די האָרעפּאַשנע מאַסן.

נאַראַטאָר:

דאָס יידישע לעבן איז אין יענער צייט געווען ווי אַ פאַרלאָזט פעלד. מען האָט עס געדאַרפט אָפּרייניקן און פאַרזייען נייע קערנדלעך. מען האָט געדאַרפט אַ טרייסל טאָן די קהל־פאַרזאָרגער.

נאַראַטאָר:

דאָס האָט געטאָן שלום יעקב אבראַמאָוויטש, אין זיין סאַטיריש ווערק, „דאָס קליינע מענטשעלע", אין יאָר 1864. ער איז נאָכדעם בארימט געוואָרן אַלס מענדעלע מוכר ספרים, דער גרונט־לייגער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

„אויף יענער זייט סמבטיון".

נאַראַטאָר:

מענדעלע איז דער ערשטער יידישער שרייבער, וואָס האָט געזען דעם מקור פון אומרעכט, די אָרעמקייט ניט ווי באַשערט פון הימל. דורך זיינע ווערק „שלמה וועקער" און די „טאַקסע", האָט ער באַוויזן די סיבה פאַר דער נויט פון די אָרעמע פאָלקס־מאַסן.

דעקלאַמאַטאָר:

„עס שרייט צו אייך אַ קול פון אָרעמע לייט, פון נויטבאַדערפטיקע יידן. זיי דעם קאָפּ ניט אויפהייבן. מען האָט אונדז געבענטשט מיט אַ טאַקסע, דאָס איז אַ קול פון באַלמעלאָכעס, וואָס מען דישעט ווי קעץ, פון פאַרשיידענע גבאים, שמשים, דיינים און נאָך אַזעלכע פאַרזאָרגער".

נאַראַטאָר :

מענדעלע איז געקומען באַפרייען דאָס פאָלק פון די קליינע „מענטשע־לעך". ער האָט זיך דערגרונטעוועט צו די טיפענישן פון די גייסטיקע פאָלקס־אוצרות און האָט צוריקגעגעבן דעם פאָלק דאָס פאַרמעגן אין אַ נייעם לבוש, אין אַ קינסטלערישער שפּראַך.

נאַראַטאָר :

מענדעלע איז דער ערשטער יידישער שרייבער, וואָס האָט אַריינגע־בראַכט נאַטור־שילדערונגען אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס בילד ווען „בנימין אין סענדערל פאַרלאָזן טוניאַדעווקע, גייען זוכן די „רויטע יידעלעך".

נאַראַטאָר :

„די זון איז אויפגעגאַנגען און אַראָפּגעקוקט פון הימל מיט אַ ליכטיקן פּנים אויף דער וועלט. ביימער און גראָזן האָבן זיך צעשמייכלט איידער דער די טוי־טראָפּנס פון דער נאַכט זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן. אין דרויסן האָט געבלאָזן אַ וואַרעם־ווינטל. די פייגעלעך האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט, געשפּילט, געזונגען, ווי זיי וואָלטן זאָגן : 'קומט לאָמיר זינגען, שאַלן און דערפרייען דעם שיינעם פאַרשוין לעבן דער ווינט־מיל. דאָס איז דאָך בנימין אַליין. בנימין דער טוניעאַדעווקער, דער אַלכסנדר מוקדון פון זיין צייט, וואָס האָט פאַרלאָזט זיין פאָטערלאַנד, זיין ווייב און קינדער און גייט וואוהין די אויגן טראָגן אים'".

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

„אויף יענער זייט סמבטיון".

נאַראַטאָר :

דער צווייטער קלאַסיקער, שלום עליכם, איז באַליבט געוואָרן ביים פאָלק, באַלד ווי ער האָט זיך באַוויזן. ער האָט צונויפגעקליבן די יידישע פאָלקס־אוצרות, די פאַרשיידענע אידאָמען און דיאַלעקטן, וואָס זיינען געלעגן אין די טיפסטע פאָלקישע שיכטן און מיט זיי באַרייכערט די יידישע שפּראַך.

נתן פּאָדעמבבערג

**מיט זיין הומאָר האָט ער אַנטפּלעקט דעם יידישן טראַגיזם און גרינגער געמאַכט יידישע צרות.**

נאַראַטאָר:

שלום עליכם האָט געגעבן דעם געמיט און דעם וועזן פון די מנחם־מענדל׳ס, זייער האַוועס און שמייען, זייער ראַנגלען זיך פאַרן קיום; דעם צער פון טוביה׳ן צוליב זיינע טעכטער. ער האָט סאַטיריש געוויזן דעם אומזין פון רדיפות אויף יידן פון דער צאַרישער מלוכה, דעם תחום המושב און די גירושים פון די דערפער.

דעקלאַמאַטאָר:

„דער סטאַראָסטע, איוואַן פּאָפּערילע מיט זיין כראָמאַדע איז געקומען צו טוביה׳ן מיט אַ פּריקאַז, אַז ער מוז פאַרלאָזן דאָס דאָרף. האָב איך מיך מיישב געווען און געזאָגט: ׳ווי באַלד מען האָט אַזוי גע׳פּסקנ׳ט איז דאָך ניט שייך. אָבער ווייסט איר, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך וואָס איז העכער פון אַ כראָמאַדע? זאָגן זיי דהיינו?, אָג איך: גאָט. ביי אים דאַרף מען פרעגן אויב איר ווילט מיר שלעכטס טאָן. — ווי אַזוי וועלן מיר וויסן? — פרעגט איוואַן פּאָפּערילע. זאָג איך: מיר וועלן אויפמישן פון תהלים, „פּסאַלטיר", הייסט עס ביי אייך, און דאָס ערשטע וואָרט, וואָס וועט זיך וואַרפן אין די אויגן, וועט איר מיר נאָכזאָגן. אויב צמיצער פון אייך וועט קענען, איז עס אַ סימן, אַז גאָט הייסט ניט. זאָגט פּאָפּערילאָ „לאָדנאָ". גיב איך אַן עפן אויף דאָס תהילמל און זאָג „וחלקלקות". קוקן זיי זיך איבער און הייסן מיר איבערזאָגן צמלעכע מאָל; איך זאָג איבער און איינער זאָגט: „הייזאַמאַקי". דער צווייטער זאָגט, ׳לאַמאַקי", און דער דריטער זאָגט „האַמאַקי". רופט זיך אָן פּאָפּערילע: „מיר האָבן צו דיר גאָרניט, ביסט טאַקע אַ זשיד, ניט קיין שלעכטער מענטש, אָבער שלאָגן דאַרפן מיר דיך, וועלן מיר דיר בלויז אויסהאַקן די שויבן און אויב דו ווילסט קענסטו דאָס אַליין טאָן. טאָמער פאָרט דורך נאַטשאַלסטווע, וועט מען זאָגן אַז מען האָט דיך ניט אויסגעלאָזט".

# הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור

נאַראַטאָר:

די צוויי קלאַסיקער: מענדעלע און שלום עליכם, זיינען געווען די אָנהויבער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. און איר פאָטער איז געווען יצחק לייבוש פּרץ. ער האָט אָנגעצונדן אירע בליץ־לאָמפּן און האָט זי באַצירט מיט קונסט ווערק.

נאַראַטאָר:

פּרץ איז צוגעטראָטן צו בויען די יידישע ליטעראַטור אויף די יסודות פון די העברעאישע און וועלט־ליטעראַטורן. ער האָט די ליטעראַטור באַהויכט מיט די עטישע און הומאַניסטישע אידעאַלן פון די נביאים און די גרויסע דענקער פון זיין צייט. פּרץ איז געגאַנגען אויף זיין אייגענעם וועג. ער האָט געשאַפן אַן אייגענעם סטיל, וואָס איז קורץ און צימצום׳דיק. ער דערזאָגט ניט און הייסט דעם לייענער זיך פאַרטראַכטן. פּרץ האָט אויפן אַלטן געבויט דאָס נייע. זיין וואָרט איז בליציק און וואָגיק. פּרץ איז אויך געווען אַ שטראָפער און אַ מאָנער.

דעקלאַמאַטאָר:

„מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע באַשאַפן
צו מאַכן אַ וועג מיט פויסטן און נעגל צום שענק־פּאַס
ווען אַנדערע קוקן פון ווייטן מיט הונגעריקע אויגן.
מיין ניט די וועלט איז אַ הפקר!
געמאָסטן ווערט אַלץ, געוואויגן ווערט אַלץ!
פון טרערן ווערן טייכן, פון טייכן ווערן ימים!
פון ימים א מבול, פון פונקען — אַ דונער!
אַ, מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע!"

נאַראַטאָר:

פּרץ האָט געוועקט דעם באַוואוסטזיין פון פאָלק, געלערנט אַז מען דאַרף מאָנען יושר ביים כביכול אַליין: „דו ווילסט איך זאָל היטן דיינע געבאָטן".

## הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור

**זאָגט בערל שניידער צו רבין אין דער „דין תורה מיט גאָט", זאָלסטו געבן פרנסה מיר און מיין משפחה!" פרק איז געווען נאַציאָנאַל און אוניווערסאַל.**

נאַראַטאָר:

**ביי דער זייט פון די קלאַסיקער האָט דער דיכטער ש. פרוג אַריינגעבראַכט אין דער פּאָעזיע נאַציאָנאַלע מאָטיוון. דער פאָלקס־דערציילער האָט אַרויס־געפירט דעם באַלמלאָכע; דער ראָמאַניסט יעקב דינעזאָן האָט געכישופט און געצונדן די פאַנטאַזיע פון דער יוגנט מיט זיינע סענטימענטאַלע ראָמאַנען.**

נאַראַטאָר:

די ערשטע ליטעראַרישע שפּראָצונגען אין אַמעריקע זיינען געווען דורכגעזאַפּט מיט סאָציאַלע מאָטיוון. זיי האָבן אויסגעשריגן דעם ווײ און צער פון די אַרבעטער און אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען אין דער נייער וועלט ביים סוף פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט און זיינען דאָ אַריינגעשליידערט געוואָרן אין קאַפּיטאַליסטישן קעסל, אין די פאַבריקן און „שעפּער". די יידישע דיכטער: עדלשטאַט, באָווישאָווער און ראָזנפעלד; די דערציילער: ז. ליבין און לעאָן קאָברין, האָבן אַליין פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון שקלאַפעריי אין די פינצטערע „סוועט־שעפּער". זיי האָבן דערציילט וועגן דער דערשלאָגנהייט און וועגן די אומדערטרעגלעכע אַרבעט־באַדינגונגען און האָבן געוועקט און געמונטערט. דער זיידע פון יידישן אַרבעטער־ליד, מאָריס ווינטשעווסקי האָט געזונגען מיט ריטם און פּאַטאָס וועגן די „מאַסן אין די גאַסן". **ער האָט געוויזן דעם אַרבעטער „ווי עס רירט זיך".**

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

„הערט איר קינדער ווי עס רירט זיך".

דער גרויסער יידישער ישוב אין פּוילן האָט אויפגענומען די זריעה־קערנער פון די קלאַסיקער. שלום אַש האָט אויסגעדיכטעט אַ ראָמאַנטיש יידיש „שטעטל" ביי די ברעגן פון ווייסל. ער האָט געמאָלן דאָס יידישע לעבן **אין פאַרשיידענע לענדער.** ער האָט געעפנט פענצטער צו דער ניט־יידישער **וועלט.**

דעקלאַמאַטאָר:

„שטייט זיך אַ שטיבל אַליין אין טאָל, ביים וויסל צווישן צוויי בערג. ווינטער. גאָטס וועלט איז אינגאַנצן פאַרשאָטן. דאָס שטיבל קוקט זיך איין און שווייגט. דאָרט וואוינען חיים דער וואַסערטרעגער מיט זיין משפחה. זומער פירט ער איבער מענטשן אויף דער אַנדער זייט ווייסל. פון דעם ציט ער פרנסה. דאָס וואַסער פירט זיך יידישלעך. אין די שבתים און יום־טובים רוט עס. די שיפלעך זיינען פאַראַנקערט. איין כוואַליע קושט די צווייטע. ווינטער איז דאָס וואַסער פאַרפרוירן. חיים קוקט אין דער שנייאיקער ווייסקייט, און ווען עס קומען די פרילינג־טעג, די וואַרעמע זון שיינט און דאָס וואַס׳ער הויבט אָן אַרויסשפּאַרן דורכן אייז, פילט חיים ווי ער וואָלט אויפגעשטאַנען תחית המתים מיט דער נאַטור".

נאַראַטאָר:

אין איטשע מאיר וויסנבערגס שטעטל הערט מען שוין בונטאַרישע טענער. ער מאָלט אַרבעטער, האָרעפּאַשניקעס, וואָס ריידן אין בית־מדרש וועגן ישוּר אין זינגען אַרבעטער לידער. הירש דוד נאָמבערג פירט אַרויס אינטע־ליגענטע טיפּן, וואָס ראַנגלען זיך פאַרן לעבן. נאָר ער ווערט מיטגעריסן מיט די כוואַליעס פון דער 1905־רעוואָלוציע און שרייבט אָן אַ וויג ליד.

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

„ס׳לויפן, ס׳יאָגן בייזע ווינטן".

אברהם רייזען, דער דיכטער פון צער און נויט און דער דערציילער פון אָרעמען יידישן לעבן, איז אויך דער פּאָעט פון דער „נייער צייט".

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

„אַך, וואָס קלינגט איר קירכן־גלאָקן"

נייע מאָטיוון האָבן אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער חיים נחמן ביאַליק און דער דערציילער י.

**שאַפּיראָ. ביאַליק האָט געברויזט מיט צאָרן קעגן די צאַרישע פּאָגראָמען און לאָמער שאַפּיראָ האָט געשלידערט אין זיינע פּאָגראָם-דערציילונגען די אוק־ראַאינישע רוצחים און דעם יידישן ווידערשטאַנד.**

נאַראַטאָר:

„פון שאָל און אייזן, קאַלט און האַרט און שטום.
שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך דו מענטש און קום.
גיי אין שחיטה־שטאָט, זאָלסט זען מיט דיינע אויגן,
זאָלסט אָנטאַפּן מיט דיינע אייגענע הענט,
אויף צוימען, סלופּעס און ווענט
אויף שטיינער, אויף דער גאַס, אויף אַלע העלצער,
דאָס שוואַרץ פאַרטריקנט בלוט מיט די געהירן
פון דיינע ברידערס קעפּ און העלדזער,
אַ פּויסט וואו איז? וואו איז אַ גרויסער דונער?
וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע דורות,
איינלייגן די וועלט און צערייסן די הימלען".

נאַראַטאָר:

אברהם ליעסין האָט אויסגעדיכטעט די ווייטע יידישע היסטאָרישע פאַר־גאַנגענהייט. ער האָט פאַרבונדן דעם נביאישן הומאַניזם מיט די סאָציאַליס־טישע אידעאַלן. דער דיכטער יהואש האָט אויפגעפראַלט דעם אייביקן תנך פאַרן יידישן לייענער מיט זיין תרגום יידיש.

נאַראַטאָר:

די יידישע דראַמאַטורגן, אברהם גאָלדפאַדן, יעקב גאָרדין, דוד פינסקי, ש. אַנסקי און פּרץ הירשביין האָבן אַרויפגעבראַכט אויף דער יידישער בינע דאָס יידישע לעבן. דאָס מוזיקאַלישע אָפּערעטע־שפּיל דעם אַלט יידישן פאָלקלאָר. דעם יידישן דאָרפס-מענטש און די צאַרטע ראָמאַנטישע געפילן פון דער יוגנט.

דעקלאַמאַטאָר:

„צום מיראַפּאָלער צדיק איז געקומען אַ חסיד, אַ גביר, נאָר אַ גרויסער קמצן. האָט אים דער רבי צוגעפירט צום פענצטער און געזאָגט: ׳קוק און זאָג וואָס דו זעסט?׳ האָט דער גביר געענטפערט: ׳איך זע מענטשן׳. האָט דער רבי אים אָנגענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט צום שפּיגל און געפרעגט. ׳וואָס זעסטו איצט?׳ מאַכט דער גביר: ׳איצט זע איך נאָר זיך׳. זאָגט דער רבי: „פאַרשטייסטו מיך, דאָס פענצטער איז גלאָז און דער שפּיגל איז באַזיל־בערט און דורך זילבער הערט מען אויף צו זען דעם מענטשן׳״...

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

׳אין בית המקדש, אין אַ ווינקל חדר״, „אונטער יידעלעס וויגעלע״.

נאַראַטאָר:

ה. לייוויק, דער גרויסער אייגנאַרטיקער ליריקער, האָט אין זיין פּאָעזיע ווי אין זייע דראַמאַטישע ווערק, אַריינגעבראַכט דעם גורל פון מענטש, די גאולה־מאָטיוון און דעם גלויבן אַז דער מענטש וועט באַזיגן דאָס רשעות.

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

„די וועלט נעמט מיך אַרום מיט שטעכיקע הענט״.

ווי צווייגן אויף אַ מעכטיקן בוים, אַזוי איז זיך צעוואַקסן און צעבליט די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָרהונ־דערט. עס איז דאָ אויפגעקומען די שפּעטערישע גרופּע פון דיכטער און די דערציילער, וואָס האָבן באַשריבן די יחידישע מאָטיוון פון דעם מענטשן. זיי האָבן געשליפן די שורה און אַרויסגעבראַכט שטימונג. אַ קינסטלערישע מדרגה אין שאַפן פון די יונגע איז געווען דער דיכטער מאַני לייב. באַלד האָט זיך אויך באַוויזן דער אייגנאַרטיקער דיכטער־בונטאַר משה לייב האַל־פּערן, וואָס איז געווען ווי אַ זודיקע פייער־לאַווע און האָט געברויזט ווי אַ „גייזער״. ער האָט געוואָרפן זיינע דיכטעריש־סאַרקאַסטישע פיילן אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט.

נתן פאָדעמבערג

דעקלאַמאַטאָר:

„זינגט דער פויגל פריי און פרייליך,
ציטער איך זיין טראָן דער מלך.
ציטערן איז ניט כּדאַי.
זינג איך ווי דער פויגל פריי.
און געשווינד ווי דער ווינט,
טאַנץ איך הפקר, טאַנץ איך בלינד.
גאַס אַריין, גאַס אַרויס,
ווער עמען אַרט דאָס? האַ האַ־האַ
פאַר אַ קופּער גראָשן בלויז,
פויק איך, אַז די פויק זאָל פּלאַצן,
און איך ידזשינדזשע אין די טאַצן
און איך דריי זיך רונד אַרום״.

נאַראַטאָר:

**יוסף אָפּאַטאָשו, דער שפּראַך־מייסטער, האָט געשאַפן נייע וואָרט־קהאָמ־בינאַציעס און האָט אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור דאָס נייע, געזונטע און פּרימיטיווע. זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען און קורצע דערציילונ־גען אַנטפּלעקן פאַר אונדז ברייטע האָריזאָנטן. די יידישע הומאָריסטן משה נאַדיר און דער טונקעלער האָבן געשאַפן ווערק פון סאַטירע און איראָניע. די „אויפקום״־גרופּע, ביאַלאָסטאָצקי, גראָס, לאַפּין, מיט זייער פּאָראַויסגייער ז. וויינפּער האָבן דורכגעוועבט דאָס ליד מיט מיט גלויבן און בטחון.**

דעקלאַמאַטאָר:

„ווער עס מעסט דס לעבן מיט די שאָטנס אין דעם
איך טרינק טראָפּנס ליכט וואָס קאַפּען אויף מיר.
ווער עסטראָגט די נאַכט אויף זיין ברעט,
איך זע מאָרגן־שיין ביי מיין טיר.
נאַכטיק איצט? אָבער איז די נאַכט דען ניט אין גאַנג צום טאָג?

טאָג צום אָוונט, אָוונט צו דער נאַכט, און די נאַכט צום קאַיאָר?
ליד, מיין ליד, זינג ביי אַלע צוגעמאַכטע לאָדנס, זינג און זאָג,
אַז דער חלום אונדזערער איז אין גאַנג צו ווערן וואָר".

נאַראַטאָר:

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין פוילן אויפגעקומען אַ פּלע־יאַדע שרייבער, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די מלחמה־נאָכווייעניש און די עפּאָכע פון רעוואָלוציעס: י. י. זינגער, יזור וואַרשאַווסקי, אפרים קאַגאַ־נאָווסקי און אַנדערע.

נאַראַטאָר:

אין רוסלאַנד האָבן די שרייבער דוד בערגלסאָן און דער נסתר גע־שילדערט דאָס אונטערגייענדיקע לעבן אינעם שטעטל מיט „אָפּגאַנג"־פאַרבן. בערגלסאָן דעם „אַרום וואָקזאַל" און דעם „נאָך אַלעמען" און דער נסתר די סימבאָלישע מעשׂות.

נאַראַטאָר:

אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, נאָך דער רעוואָלוציע, האָבן די שרייבער און דיכטער אָנגעהויבן שאַפן „מיטן שטראָם" און שטורעם פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. פּרץ מאַרקיש, דער ברויזנדיקער דיכטער האָט באַזונגען די שטורעמדיקע צייט, דעם „הפקרדיקן אומרו" און דעם המשך. דוד האָפשטיין האָט באַזונגען די מענטשלעכע אידעאַלן, איציק פעפער דעם רויט־אַרמייאישן מאַרש און ל. קוויטקאָ דעם נייעם דור.

נאַראַטאָר:

מיט אַ באַזונדער שטאָלץ פאַרצייכענען מיר די פרויען־דיכטערינס: קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, חנה לעווין, רחל בוימוואָל און אַנדערע, וואָס האָבן געבראַכט זייער נדן און צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור, ווי אויך די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע דינסט פון גינאַ מעדעם און אַנדערע פרויען־קעמפערינס פאַר אַ שענערער וועלט.

מיט יראת־הכבוד דערמאָנען מיר דעם באַגרינדער פון מאָדערנעם יידישן געדאַנקען־גאַנג, דר. חיים זשיטלאָווסקי, דעם פייערדיקן פובליציסט און פאָקס־טריבון משה אָלגין, די פובליציסטן שכנא עפשטיין און משה כץ, די לויטערע פערזענלעכקייטן פון קלמן מרמר און י. ב. ביילין. מיר דערמאָנען אויך דעם חשובן פּלאַץ פון די ליטעראַטור־קריטיקער שמואל ניגער, בעל מחשבות, ב. ריוועקין, נחמן מייזיל און, צו לאַנגע יאָר, די עסייאיסטן יעקב גלאַטשטיין און אברהם ביק און ב. גרין. זיי האָבן מיט זייערע שעפערישער ליטעראַטור־קריטיק דערנענטערט דעם לייענער צו אונדזער רייכן ליטעראַטור־שאַפן.

נאַראַטאָר:

די יידישע שרייבער אויף דער ענגלישער שפּראַך האָבן באַוויזן, אַז זיי וואָרצלען טיף אין יידיש־אַמעריקאַנער באָדן: בערנאַרד מאַלאַמוד, און דזשעימס מיטשנער, מייק גאָלד און אַנדערע.

נאַראַטאָר:

אַוודאי האָבן די מאָדערנע העברעאישע שרייבער און דיכטער אַ גרויסע שייכות צו דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. מיר דערמאָנען די גרויסע דיכטער פון ניי־ישראל, אברהם שלאָנסקי, יעקב פיכמאַן, די „כנרת״־דיכטערין רחל, די יינגערע משה שמיר און ס. יזהר און פסח בינעצקי און י. פּאַפּיערניקאָוו, נתן אַלטערמאַן און ישעיה שפּיגל.

נאַראַטאָר:

דער פאַשיזם און נאַציזם האָט געוואָלט איבערשניידן די לעבנס־אַרטעריע פון יידישן פאָלק. ער האָט פאַרשניטן זעקס מיליאָן יידן. אַ גרויסע ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן אין די געטאָס און די פּאַרטיזאַנישע וועלדער. דער יונגער ווילנער דיכטער־פּאַרטיזאַן האָט געשאַפן זיין באַרימטן געטאָ־הימען „זאָג ניט קיינמאָל״ (הירש גליק), דער פאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיק זיין קינה ‚עס ברענט!״; יצחק קאַצענעלנסאָן האָט אין דעם קלעם פון דער וואַרשעווער געטאָ אָנגעשריבן זיין גרויסע פּאָעמע „דאָס ליד פון אויסגע׳הרג׳טן יידישן

**פאַלק״. וואָס איז אַ מאָדערנע קינה אויף דער גרויסער יידישער טראַגעדיע.**

דעקלאַמאַטאָר:

הימלען! הימלען! הימלען!
איך וויל אויף אייך ניט קוקן! איך ווי לאייך ניט זען, ניט וויסן פון אייך
אַ, הימלען פאַלשע, פאַרפירערישע! איך האָב אַמאָל געגלויבט אין אייך.
פאַרטרויערט מיין פרייד, מיין אומעט, מיין שמייכל און מיין טרער.
פרייט זיך הימלען אויוון מיט די דייטשן און די דייטשן אונטן זאָל זיך
פרייען מיט אייך, און זאָל אַ פייער אויף אייך אַרויסגיין און פאַרברענען;
איך האָב געגלויבט אין אייך. עס פאַרדריסט מיך. איר זיינט הויפנס מיסט״.

נאַראַטאָר:

**און איציק פעפער, דער סאָוועטיש־יידישער דיכטער, האָט געשטעלט אַן אייביקן מאָנומענט די גיבורים און מאַרטירער פון דער וואַרשעווער געטאָ מיט זיין קלאַסישער פאָעמער „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ״, וואו עס גליען די מאָטיוון פון נקמה און בטחון.**

דעקלאַמאַטאָר:

אויב בלייבן וועלן הונדערט, זאָל גרענען אין הונדערט פון דורות דערצאָרן
אויב בלייבן וועלן פופציק, זאָל פלאַמען אין פופציק פון דורות די שנאה.
און אויב אַ צענדליק וועט בלייבן אינגאַנצן?
זאָל מען ניט קומען אויף די קברים טרערן טרערן פאַרגיסן.
און אויב פון פייער וועט איין ייד פאַרבלייבן?
זאָל ער דעם אומגליק פאַר דורות פאַרשרייבן.״

נאַראַטאָר:

געזאַנג (באַגלייט פון מוזיק)

**„זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״.**